# אידישע פאַרמעריי
# אין אַמעריקאַ

## איר פראַגע און לייזונג

אַ גרינדלאכע אָפּהאַנדלונג וועגען דער לאַגע פון אידישער פאַרמעריי און האָטעל-קיפּעריי אין אַמעריקא, באַזירט אויף פאַקטען, סטאַטיסטישע ציפערען און דאַטען, — ווי אויך אַ דייטלאַך פּראַקטישער פּלאַן ווי אַזוי צו לייזען, אויף אַ צו-פרידענשטעלענדען, אידעאַלען אופן, די אַלע פאַר-פלאָנטערטע און דרינגענדע אידישע פאַרמער-פּראָבלעמען דאָ אין לאַנד.




פון

**זלמן ליבמאן**



ניו הייווען, קאָנג.

.1930

# באַגריסונג

אין דעם נאָמען פון אונזער גאַנצער פאַמיליע, וועלכע האָט מיט דיר צוזאַמען דורכגעלעבט די שבעה מדורי גיהנום פון אידישער פאַרמעריי און האָטעל־קיפּעריי אין אַמעריקא, באַגריס איך דיך, ברודער זלמן, און גראַטוליר דיך צו דער דערשיינונג פון דיין פּראַקטיש־אידעאַליסטישן „פּלאַן“.

דער קאָאָפּעראַטיווער פּרינציפּ, אויף וועלכען דיין פּלאַן איז געבויט, איז דער שענסטער און געזונדסטער אויף וועלכען עס איז יעצט מעגליך צו בויען און וועלכער זאָל געזעלשאַפט־ליך וואַקסען. און דערפאַר טאַקע האָט שוין „קאָאָפּעראַציע“ מיט אירע פּשוטע, פּראַקטישע און עקאָנאָמיש־אויסגעהאַל־טענע פּרינציפּען ביי היינטיגען טאָג זיך ערוואָרבען איבער פינף און זיבעציג מיליאָן הייסע אָנהיינגער אין ניין און דריי־סיג לענדער פון איבער דעם גאַנצען ערד קוגעל!

איך פיל, אַז די יאָרען פון פיזישען פיין און גייסטליכען יאוש, וואָס אונזער פאַמיליע האָט דורכגעמאַכט — איבער־הויפּט דו, איר זאָרגער און יאָך־טרעגער, — ווי אויך די פאַר־סמ׳טע לעבענס פון אַנדערע טויזענדער אידישע ערד־פּיאָנערען אין אמעריקא, זיינען ניט אין גאַנצען פאַרלאָרען געגאַנגען, אויב נאָר דיין „פּלאַן“ וועט פאַראינטערעסירען אפילו בלויז אַ טייל פון אונזער ערד־געזאָנענער אידישער באַפעלקערונג דאָ אין לאַנד.

איך ווינש דיין ביכעל און איבערהויפּט דיין „פּלאַן“ גליק, און האָף, אַז דאָס וועט זיין דער אָנפאַנג פון אַ נייער אויפלעב־בונג און אידעאַלער לייזונג צו דער דרינגענדער, פאַרפלאָנ־טערטער פּראָבלעם פון אידישער אַגריקולטור אין אַמעריקא.

מיט ברידערליכען גרוס,

הערמאַן ליבמאַן,
(עדיוקיישאָנאל דירעקטאָר פון די אַמאַלגאַמיי־
טעד קאָאָפּעראַטיווע הייזער.)

ניו יאָרק, ערשטער אויגוסט 1930.

# צו דער פראַגע פון אידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע

איך ווייס אַליין אַז די פראַגע פון אידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע איז אַ גרויסע, ערנסטע און זעהר קאָמפּליצירטע; און אַז עס איז אבסאָלוט איבער מיינע כחות צו געבען אייך אַ גרינדליכע אָפּהאַנדלונג פון איהר. דאָך וועל איך פּרובירען מאָלען פאַר אייך די טרויעריגע בילד פון אידישער פאַרמעריי אין אמעריקע יעצט צו טאָג אין איהרע אַלגעמיינע שטריכען ניט אַלס טעאָרעטיקער און כלל־טהוער, נאָר אַלס איינער פון דער מאַססע, אַלס פאַרמער זעלבסט.

איהר וועט בלויז מוזען ענטשולדיגען דעם סטיל און דעם צוזאַמענהאַנג פון די אויסגעשפּראָכענע געדאַנקען. אַ פּשוטער איד בין איך, בלויז איינער פון פאָלק, ווי איהר אַליין און ווי טויזענדער אַנדערע.

דער רוף פון אורשפּרונגליכע פאַרמער דורות אין יעדען איינעם פון אונז ; די ביינקשאַפט פון טויזענד־יאָהריגער באַדענלאָזיגקייט אַלס איד ; דער גאַנצער איינפלוס פון דער רוסיש ־אידישער ליטעראַטור פון אַ געוויסער שטרעמונג ; די נאַציאָנאַלע אידישע האָפנונגען און וועהען ; די איינגעבאַרענע ליבע צום שטילען רוהיגען לעבען ; דער ציטער פון האַרצען ביים באַרירונג מיט דער מוטער נאַטור ; דער געפיל פון גליק און באַפרידיגונג ביי פיזישער אַרבייט — דאָס אַלעס

צוזאַמענגענומען אין צוגאָב צו עפּעס אַ מין אָרגאַנישען עקעל צו די פאַרקריפּעלטע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע פאָרמען פון דעם גרויסשטאָטישען לעבען, האָבען אַנדערש ניט געקענט ווי צו מאַכען פון מיר דעם ביז צום פּיין פאַרליבטען אין דער מוטער ערד, איהר שקלאַף און טרוימער. און די גאַנצע פופצען יאָהר אידיש-אַמעריקאַנער לעבען מיינע, פאַרבראַכטע אין קליין האַנדעל און פאַרמעריי — האָטעלקיפּעריי אריינגערעכענט; די ספּעציעלע פּערזענליכע, געזעלשאַפטליכע און פאַמיליען אנגעלעגענהייטען וואָס מיר איז, ליידער, אויסגעקומען דורכצומאַכען, האָבען מיר ווי פון זיך זעלבסט, ביז צו פיינליכער אָפּענבאַרקייט, ערקלערט דעם גאַנצען מהות פון דיזער פאַרפּלאָנטערטער פראַגע, און איך צווייפעל פאַר קיין רגע ניט אין דער ריכטיגקייט פון מיין אויפפאַסונג און בין זעלבסט פאַרגלויבט אין דער פּראַקטישער צוועקמעסיגקייט פון די שלוסען, צו וועלכע איך בין נאָך לאַנגען נאָכדיינקען געקומען.

אלזא, די אידישע פאַרמעריי אין אַמעריקע, ווי אַזוי איז זי דאָך ענטשטאַנען? ווער האָט אָנגעצייכענט איהר ריכטונג און לויט וועלכע פּלענער ווערט זי פאַרווירקליכט? וואָס איז דער עצם מהות איהרער, איהר מאָטאָ און לאָזונגען, איהרע אידעאַלען און בעשטרעבונגען, איהר פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט? — אַן אונדירעקטען אָבער דערפאַר ביז צום וועהטאָג קלאָרען ענטפער אויף דיזע הארבע פראַגען וועט איהר אפשר געפינען אין די פאָלגענדע בעטראַכטונגען און שילדערונגען.

און ווילען מיר ריידען פון דער פראַגע פון אידישער

פאַרמערײ אין אַמעריקע, מוזען מיר גלײך קומען צום באַשלוס, אַז לײדער איז דיזע פּראָבלעם, װי פיעלע אַנדערע אידישע פראַגען, אין גרונד גענומען, אַ דאָפּעלטע: אַ ספּעציפיש־אידישע און אַלגעמײן מענשליכע; און אַז דעריבער טאַקע װעלען מיר זײן געצװאונגען זיך פאַנאַנדערקלײבען אין אײ־ניגע בעגריפען פון סתם פאַרמינג אײדער מיר װעלען קענען צוטרעטען צו דער פאַרענטפערונג פון די פריהערדיגע שװער אָנגעהױפּטע פראַגען.

װאָס אײגענטליך איז אַזױנס די פאַרמערײ? װען מען שטעלט אָט דיזע אײנפאַכע פראַגע דעם דורכשניטליכען שטאָטמענשען, װאָלט ער אַביסעל אין פאַרלעגענהײט געענט־פערט אומגעפער אַזױ: פאַרמערײ — דאָס איז אַ גראָבע, רױע ערד באַשעפטיגונג, אַ שלעכט באַצאָלטע און ערנידעריגענדע, צוגעפּאַסט צו גרױסע שטאַרקע מוסקולען מיט קלײנע שװאַכע מוחות. און דער פאַרמער זעלבסט? — אַן ערד אַרבײטער, אַ פױער, אַזאַ מין מענשליך װעזען װאָס אַרבײט אימער אין שװײס פון פּנים און װערט אױסגעבײטעט פון קאַפּיטאַל און אַרבײט צוגלײך.

און דאָס טרױעריגסטע דערבײ איז טאַקע דאָס װאָס װי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען, איז עס דאָך צו אײן און דערזעלבער צײט אי שרעקליך איבערטריבען, אי אומ־בעשטרײטבאַר װאַרהאַפטיג ביז צום לעצטען שטריך. און אָט אין דעם ליגט טאַקע די טראַגעדיע פון אַלע פיזישע באַ־שעפטיגונגען פון דער ערדאַרבײט, די טראַגעדיע פון איהר אונטערשעצונג און די נאָך פיעל גרעסערע טראַגעדיע פון איהר באמת טרױעריגען און געװאַלדיג פאַרװאַהרלאָזטען צו־

שטאַנד ווי אין דעם פּאָליטיש-עקאָנאָמישען, אַזוי אויך אין דעם קולטורעל געזעלשאַפטליכען זין.

אַזוי ווי איך בעאבזיכטיג צו ריידען ניט צו פאַרמערם זעלבסט, נאָר צו די ברייטע שטאַטמאַסען, וועלכע זיינען אין אַלגעמיין ווייניג באקאנט מיט דער גאַנצער פאַרם-פראַגע, צווייפלען איבערהויפּט אין איהר גרויסער נוצליכקייט און נאָך מעהרער אין דער צוגעפּאַסטקייט פונ'ם אידישען פאָלק צום פאַרם-לעבען און אַקעראייזען, אָדער ביי וועלכע די באַגריפען פון פאַרם און האָטעל זיינען ענג צוזאַמענגעבונדען מיט חלומות פון צויבער-טעג און גרויסע גליקען, וואָלט טאַקע דאריבער אפשר ניט שאַדען זיך אַביסעל דורכריידען וועגען דעם ענין פאַרמינג און האָטעלקיפּינג אין אַלגעמיין, וועגען זייער צוקונפט און דעם אידענס ראָל אין דעם איבערהויפּט. אפשר וועלען מיר זיך דאַן אַביסל מעהר פאַרטראַכטען, נעמען ערנסטער די גאַנצע פראַגע אַלס קולטורעל-עקאָנאָמישע און אידיש-נאַציאָנאַלע און קומען צו געוויסע שלוסען.

נאָר צוויי הנחות וויל איך אַז מיר זאָלען אָננעמען אין פאָראויס אַלס די הויפּט יסודות פאַר אַלע וייטערדיגע באַטראַכטונגען און פּלענער.

די ערשטע הנחה איז, אַז פאַרמעריי איז אין קיין פאַל ניט נידריגער און ניט ווייניגער וויכטיג ווי יעדע אַנדערע צווייג פון מענשליכען שאַפען; אַז ביז אַ געוויסער מאָס איז פאַרמינג זאָגאַר דער יסוד פון מענשליכען זיין, דער הויפּט-קוואַל פון דער באַפרידיגונג פון זיינע לעבענסבאַדערפנישען, דער פונדאַמענט אויף וועלכען עס ווערט געבויט דער גרויסער און פרעכטיגער בנין פון מענשליכער קולטור און ציוויליזאַציע.

און טאָמער איז דאָס ניט גענוג קלאָר געוועזן צו מאַכנע פוסטע דיינקער און פאַלשע נביאים פון מאָדערנער אינדוסטרי, האָבען עס די בלוטיגע מלחמה יאָרען מיט פייערדיגען שריפט איינגע־קריצט אין די מוחות און אויף די בלעטער פון מענש און געשיכטע.

די צווייטע הנחה איז, אַז פון דער אַנדער זייט איז אַגרי־קולטור אין קיין פאַל ניט וויכטיגער און ניט נאָבעלער פון יעדער אַנדער באַשעפטיגונג, וואָס דינט דער אַלגעמיינער ציוויליזאַציע און מענשליכען פּראָגרעס און אַז אָנקלאַפּען אַ פּאָר שוך־זוילען איז פּונקט אַזאַ געזעלשאַפטליכע פונקציע און נאָבעלע טהאַט ווי פּראָדוצירען אַ פונט פוטער.

דיזע צוויי הנחות באטראכט איך פאַר אַבסאָלוט וויכטי־גע און נויטיג צוליב די געוויסע טענדענצען און באציהונגען וואָס הערשען אין די ברייטע מאַסען אין באַצוג צו דיזער וועלט־פּראָבלעם און וועלכע שעדיגען פיל דער קלאָרער באַ־טראכטונג און נאָרמאַלער ענטוויקלונג פון דער אַגריקולטור.

פון איין זייט די געלד־דורשטיגע און מאַכטהאָבענדע אויי־בערקלאַסען און פילע מאָל זאָגאַר די אָרגאַניזירטע אַרבייטער־מאַסען זיינען גענייגט אונטערצושעצען די ווערטה פון אַגריקולטור און איהר וויכטיגקייט אַלס פאליטיש־עקאָ־נאָמישע מאַכט.

פון דער צווייטער זייט איז דאָ די טענדענץ פון די בעסער דיינקענדע און פיינער פיהלענדע עלעמענטען צו איבער־שאַצען די ווערטה און נאָבעלקייט פון אַגריקולטור אַלס קולטורעל־געזעלשאַפטליכע ערשיינונג, פאַרהערליכען עס און פאַרוואַנדלען עס אין אַ מין אידילישען טרוים.

און עקסטרימען זיינען אומגעזונט, ווייל זיי לאָזען ניט זעהען זאַכען אין זייער אמת'ער ליכט, קען מען שוין ניט קאָנצענטרירען די טעטיגקייט אין דער געהעריגער ריכטונג און ממילא געפינט מען שוין ניט די ענטשפרעכענדע לייזונג.

אין אמת'ן אָבער איז אַגריקולטור ניט מעהר און ניט ווייניגער פון דאָס וואָס עס איז, נעמליך, דער סינטעז פון קאַפיטאַל און אַרבייט מיט אַלע זייערעביידענם חסרונות יעצט צו טאָג, פון וואַנען אויך די פאַרצווייפעלטע לאַגע פון אַגריקולטור מיט אַלע זייערע ביידענם מעלות אין דער צוקונפט, וואָס דאַרף ווערען דער ענדציל פון אַלע באַשטרעבונגען.

מיר ווען זיך יעצט דאָך ניט אריינלאָזען אין קיין וויסענשאַפטליכער אָפּהאַנדלונג וועגען דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון פאַרמעריי ווי אין אַמעריקע אַזוי אויך אין אַנדערע לענדער, וועגען די געוויסע פאַזען און פאָרמען פון זייער ענטוויקלונג און צושטאַנד מיט זייער לאַנגער קייט פון אורזאַכען און פאָלגען. מיר ווען בלויז קאָנסטאַטירען אייניגע פאַקטען און אויך דאָס נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל זיי האָבען אן אומבאַדינגט נויטיגע שייכות צו אונזער פראַגע — די אָנגעוועהטאָגטע פראַגע פון אידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע.

צוויי שטאַרק בולט'ע און גענצליך געגענגעזעצטע ריכטונגען מערקען זיך אין דער אַגריקולטורעלער וועלט: די אייראָפּייאישע דאָרף-סיסטעם און די אַמעריקאַנער פאַראייניגטע אונ גענצליך אָפּגעזונדערטע פאַרם יוניט סיסטעם. אין דעם דאָרף-סיסטעם זיינען די וואוינונגען קאָנצענטרירט אין איין ישוב מיט געוויסע מעגליכקייטען פאַר אַ קולטורעל-גע-

זעלשאַפטליכען צוזאַמענלעבען, צו דערזעלבער צייט אָבער אויך מיט ספּעציעלע שוועריגקייטען אַ דאַנק דיזער סיסטעם באַ דער לאַנדבעאַרבייטונג, וועלכע מוזען נאַטירליכערווייזע זיין צעוואָרפען און ווייט אויסגעשפּרייט פון איהרע בעאַר־בייטער, מיט קהל'שע לענדערייען פאַר פאַשע און ברען־האָלץ, אויב אַזעלכעס איז דאָ איבערהויפּט פאַראַן, ווי אויך פילע אַנדערע אונבאקוועמליכקייטען.

דאַגעגען, אין דער פאַראייניצעלטער און שטרענג אָפּגע־זונדערטער אַמעריקאַנער פאַרם סיסטעם איז יעדע פאַרם איין אָפּגעשלאָסען גאַנצעס, אַ קליין וועלטעלע אין זיך אַליין, מיט אייגענע לאַנד צום בעאַרבייטען, אייגענע פאַשע פאַר קיה, אייגענעם וואַלד צום הייצען און אין פילע געגענדען מיט גוטע געהילץ פאַר בוי־מאַטעריאַלען. די וואוינונגען, ווי אַלע איבריגע געביידעס, זיינען געבויט ערגעץ אין צענטער פון דעם אייגענעם חלק לאַנד, אין קורצען — אַ געוואַלדיגע באַ־קוועמליכקייט ביי דער פעלד־בעאַרבייטונג און אַלגעמיינער ווירטשאַפט. דערפאַר אָבער אויך אַזוי צעוואָרפען און פאַר־איינזאַמט די וואוינונגען זעלבסט, אַז עס איז אונמעגליך אָדער, יעדענפאַלס, זייער אונבאַקוועם יעדע פאָרמע פון קולטורעל געזעלשאַפטליכער טהעטיגקייט און אָרגאַניזאַציע. איבער־הויפּט רופט זיך עס שווער אָפּ אויפ'ן לעבען פון דעם אידישען פאַרמער צוליב פיעלע טעמים, ווי מיר וועלען עס שפּעטער זעהען. דאָס איז איין פאַקט.

דער צווייטער פאַקט איז, אַז אין דער אַלטער אַגריקול־טורעלער וועלט איז דער פאַרמער פריהער פון אַלץ דער שאַ־פער פון זיינע אייגענע פּראָדוקטען, ער זיעט זיין אייגען ברויט

און שניידט זיין אייגען היי, שערט זיינע אייגענע שאָף און וועבט זיין אייגען געוואַנד, לעבט פּרימיטיוו איינפאַך און ביז אַ געוויסער מאָס — אונאַבהענגיג. דערפאַר אָבער אויך זעהר ווייניג פּראָדוקטיוו און אָרים, אַ דאַנק טאַקע דער זעלבער צושפּליטערונג און פאַרשידענאַרטיגער פאַרמינג.

אין אַמעריקע, דאַגעגען, שאַפט דער פאַרמער הויפּט־זעכליך פאַר'ן אָפענעם מאַרקעט, פאַר'ן אַלוועלטליכען פאַר־ברויך, ספּעציאַליזירט זיך מעהרסטענס אין איינצעלנע צווייגען און ווי יעדע ספּעציאַליזאַציע דריקט זיך עס אויס אין פאַרפאָלקאָמונג און גרעסערער פּראָדוקטיוויטעט — אָן און פאַר זיך אַ גרויסער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער געווינס. דער־פאַר אָבער אויך אונטערוואָרפען אַלע געזעצען פון מאָדערנער אינדוסטריע מיט איהרע אונצעהליגע איבלען. און באַ דער פולסטער אבוועזענהייט פון פאַסיגע אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען און מאָדערנע ביזנעס מעטאָדען, ווערט עס פאַרוואַנדעלט אין איין איינפאַכען אומגליק פאַר'ן איינצעלנעם פאַרמער. דער־מיט ערקלערט זיך אויך די טרויעריגע לאַגע פון דעם אמע־ריקאַנער פאַרמער ביי אַן אַלגעמיין גלענצענדען צושטאַנד פון אַגריקולטור אין לאַנד.

מיר וועלען זיך ווידער ניט אַריינלאָזען אין קיין גרינד־ליכען אַנאַליז פון אורזאַכען און פאָלגען וואָס ווירקען אין די אויבען דערמאָנטע פאַרשידענע סיסטעמען און אַנשויאונגען מיט די פאַרשיידענע איינפלוסען זייערע אויף דעם עקאָנאָמי־שען צושטאַנד פון זייערע לענדער אַלס גאַנצעס און זייער אייגענעם בפרט; מיר וועלען זיך בלויז באַנוגענען צו דער־מאָנען אין צייט, דאָס אַלע הויך ענטוויקעלטע אינדוסטריען

זיינען געוואַקסען בלויז אַ דאַנק זייער ספּעציאַליזירונג און מאַסענפּראָדוקציע פאַר'ן אָפענעם מאַרקעט, אַז דאָס איז אייגענטליך דער גרויס־קאַפּיטאַליסטישער, ספּעציעל אַמערי־קאַנער, פאַרדינסט אויפ'ן געביט פון אינדוסטריעלען שאַפען, אַז אין דעם איז איהר גרויס און איהר מאַכט, איהר נאַציאָנאַל עקאָנאָמישער פאָרצוג און אויפטו. און פאַרמינג וועט אומ־באַדינגט אויך מוזען דורכמאַכען דעם זעלבען פּאַזים פון ענט־וויקלונג און אַז די וועגען און מיטלען פאַר דער אויסוואָרצ־לונג פון די געשאַפענע איבלען וועט מוזען געזוכט און געפונען ווערען אויף דערזעלבער ליניע ווי אין אַנדערע אינדוסטריען. ווארים די צייט פון פּרימיטיווען שאַפען פאַר'ן אייגענעם גע־ברויך, ביי דעם גאַנצען זין פון איהר פּראַקטישקייט און שעהנ־קייט פון אידיליע, איז אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט און וועט מעהר קיינמאָל צוריק ניט קומען, ווי עס וועלען זיך שוין מעהר קיינמאָל ניט צוריקקערען די פּאַטריאַרכאַלע פאָר־מען פון פאַמיליען־לעבען און די אָפּגעלעבטע פאָרמען פון שטאַאַטספאַרוואַלטונג. און קיין קראַפט אין דער וועלט קען עס ניט און וועט עס ניט איבערמאַכען ווייל דאָס וואָלט געווען דאָסזעלבע ווי שטופען די צייט צוריק, ווייל דאָס איז געגען די אַלגעמיינע געזעצען פון עוואָלוציע און פּראָגרעס.

אַלזאָ, ווי איהר זעהט אליין, איז דער אומגליק מיט דער פאַרמעריי יעצט צו טאָג דאָס וואָס אונטער די עקזיסטירענדע אומשטענדען איז זי פאַרבונדען מיט אַזויפיל סתירות, אַז עס איז איינפאַך אונמעגליך קומען צו אַ זיכערען באַשלוס און אָננעמען אַ געוויסען מעטאָד פון פּראָדוקציע מיט צופרידענ־שטעלענדע רעזולטאַטען. דער הויפט אומגליק איז אָבער

דאָס, וואָס פאַרמינג אַלס קליין קאַפּיטאַליסטישע אונטערנע־מונג, צוברעקעלט און פאַרשקלאַפּט, האָט ניט געקענט און קען אויך ניט דורכמאַכען דעם שנעלען פּראָצעס פון ענטוויקלונג צוגלייך מיט אַנדערע אינדוסטריען, איז געבליבען הינטערשטעליג קאָנסערוואַטיוו און ניט וויסענשאַפטליך אין זיינע פּראָדוקציאָנס מעטאָדען און אָרגאַניזאַציאָנס פאָרמען, אָן דער ריכטיגער אויפפאַסונג פון זיין אייגענעם פּראָבלעם, איז געוואָרען יענע אומבאַוועגליכע שווערע מאַסע אָן וועלכער די בעסטע אידעען און באַוועגונגען ווערען צושלאָגען אָן אַן אייזערנער וואַנט, צו דעם אַלגעמיינעם פאַרלוסט פון דער געזעלשאַפט און פון דעם יחיד.

אום צו געבען אייך אַ שטיקעל באַגריף וועגען דער געוואַלדיגער אָפּגעשטאַנענקייט פון אַגריקולטור אין איהרע פּראָדוקציאָנס־מעטאָדען און אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען לגבי אַנדערע מעהר אַנטוויקעלטע אינדוסטריען, וועלען מיר צוזאַמען באַטראַכטען בלויז אייניגע אַלעמען גוט באַקענטע פאַקטען, וואָס וועלען צו אייך ריידען קלאָרער און איבערציי־גענדער פון די בעסטע אַבסטראַקטע אָפּהאַנדלונגען.

צי ווייסט איהר, למשל, אַז עס זיינען שוין יעצט צו טאָג דאָ אַזעלכע קיה, וואָס גיבען, אַ דאַנק זייער גוטער אָפּשטאַמונג און וויסענשאַפטליכער נאַהרונג, איבער דרייסיג טויזענד פונט מילך אַ יאָהר, ווען די דורכשניטליכע אַמעריקאַנער פּראָדוקציע איז בלויז עטוואָס מעהר פון פינף טויזענד פונט פער קוה יעהרליך? אַזוי אויך זיינען שוין דאָ רעקאָרדס פון היהנער וואָס האָבען דערגרייכט ביז צו דער הויכער פּראָדוקציע פון 350 אייער אַ יאָהר בעת דער דורכשניט פון דער אַמעריקאַנער

הוהן איז לעת עתה ניט פיעל מעהר איבער פינף און זיבעציג. אָדער צי איז אייך באוואוסט דער פאַקט אַז עס איז שוין דאָ אַ פאַרמער, וואָס האָט געוויזען דעם גרויסען וואונדער צו פראָדוצירען איבער 1000 בושעל פאטייטאס אויף איין איינ־ציגען אַקער לאַנד בעת דער אַמעריקאַנער דורכשניט איז ניט מעהר ווי עטוואס איבער 70 בושעל פער אַקער?

איך וויל איהר זאָלט קלאָר באַגרייפען וואָס דאָס מיינט. עס מיינט, אַז ווען מען זאָל אויסשעכטען זעקס דורכשניטליכע קיה און אויף זייער פלאַץ אַוועקשטעלען בלויז איין אויסער־געוועהנליכע קוה; אויסשעכטען פינף געוועהנליכע היהנער און אויף זייער פלאַץ איבערלאָזען בלויז איין אויסערגעוועהנ־ליכע הוהן; אָדער אַז אנשטאט בעאַרבייטען 12 אַקער דורכשניטליכע פאטייטאס זאָל מען פראָדוצירען בלויז איין אַקער אויסערגעוועהנליכע פאָטייטאס, וואָלטען מיר אין יעד־דען פון דיזע פעלע באַקומען דיזעלבע קוואַנטיטעט פראָדוק־טען און די קאָסט פון אויסהאַלטען זעקס מאָל אַזוי פיל קיה, פינף מאָל אַזוי פיל היהנער, אָדער בעאַרבייטען 12 מאָל אַזוי פיל לאַנד וואָלט געוועזן ריינער פראָפיט, אָדער עס וואָלט גע־ווען גענוג צו שפייזען נאָך פינף, זעקס אַמעריקעס אַזעלכע, אָדער מען וואָלט ניט געדאַרפט אַרבייטען אַזוי שווער. — אין יעדען פון דיזע פאַלען, אַ נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער געווינס פון אונגעהייערער גרויס און באַדייטונג.

אָבער, — וועט איהר זאָגען, — דאָס איז דאָך אלעס אויסנאַהמס פאַלען: אַן אויסערגעוועהנליכע קוה, אויסערגע־וועהנליכע הוהן, אויסערגעוועהנליכער אַקער פאַטייטאס, א. ז. וו. וויל איך טאַקע רופען אייער אויפמערקזאַמקייט צו

דעם פאַקט, אַז דאָס וואָס איז, אָדער שיינט צו זיין, אויסער־געוועהנליך פאַר'ן איינצעלנעם היינט, ווערט געוועהנליך פאַר'ן דורכשניט מאָרגען, און אַז דערביי זיינען קיינע נסים און קיינע קונצשטיק ניטאָ, אַז דאָס ווערט אַלעס וויסענ־שאַפטליך עררייכט דורך בעסערע מעטאָדען פון פראָדוקציע אויף אַלע געביטען פון אַגריקולטור און פיה־צוכט, עופות, גערטנעריי, פרוכט א. ז. וו. אַלס פאַקט זיינען שוין יעצט צו טאָג דאָ אין לאַנד טויזענדער גוטע פאַרמערס אייגענטימער פון דיירים מיט אַ דורכשניט פון 12 טויזענד פונט מילך פער קוה יעהרליך, טויזענדער פאָולטרי פאַרמערס מיט אַ דורכ־שניטליכער פראָדוקציע פון איבער 200 אייער פער הוהן אַ יאָהר, טויזענדער „פאטייטא גראָוערס“ מיט א דורכשניט פון איבער 300 בושעל צום אַקער, און אַז צו שאַנד זאָל עס אונז ניט זיין, זיינען מיר אין דעם ענין פון פראָדוקציע פער יוניט זייער פיעל הינטערשטעליג געגען די בעסער ענטוויקעלטע אַגריקולטורען פון אייראָפּא. אַזוי איז למשל שוין יעצט האָ־לאַנד'ס דורכשניט איבער 900 פונט מילך פער קוה יעהרליך, כמעט טאָפּל קעגען אונזערער. אַזוי איז אויך מיט ווייץ, פּאַ־טייטאָס, ווי פיעלע אַנדערע פאַרם פראָדוקטען

אָדער צי איז אייך באקאנט דער טרויעריגער פאַקט, דאָס איבער צעהן פראָצענט פון אַמעריקאַנער קיה ליידען פון דער שרעקליכסטער פון אַלע קראַנקהייטען — טובערקולאָזיס, און אַז דער נאַציאָנאַלער פאַרלוסט דורך דעם אין פריהצייטיגער טויט, אין פאַרקלענערטער מילך פראָדוקציע, אין „סטערילי־טי“ — די אונפעהיגקייט קעלביג צו ווערען און „אַבאָרשאָן“ — מפיל זיין, איז אַזוי גרויס און דראָהענד, דאָס די פעדעראַלע

און סטייט רעגירונגען גיבען יעצט אויס צענדליגער מיליאָנען יעהרליך צו באקעמפען דיזע פּלאָג, וועלכע איז אויך ניט מעהר ווי די בלויזע פאָלגען פון פעלערהאַפטער ווירטשאַפט, ניט ריידענדיג שוין פון די טויזענדער מענשליכע לעבענס וואָס ווערען פאַרלאָרען דורך אנשטעקונג. פון דאַנען נעמט זיך אויך דאָס געזעץ פון פאַסטעריזירען מילך אַלס פאַרהיטונגס מיטעל.

אָדער צי ווייסט איהר אַליין ניט דעם גרויסען אונטער־שייד אין קוואַליטעט און פּרייז, לאָמיר זאָגען, פון אַ יונגער פעטער טשיקען ביז אן אויסגעדאַרטער שטיקעל שפּאָן פון אן עוף? פון אַ גוטען זאַפטיגען, מיט ווייסע שמאַלץ־פעדימלאך דורכגעוואַקסענעם, שטיקעל רינד־פלייש ביז אַ רויט פאַר־שוואַרצטען שטיקעל לעדער־פלייש פון אן אַלטער פאַדלע? דעם גרויסען אונטערשייד פון אַ בעסקעט פרישע גערויטעלטע, זאַפטיגע, שמעקעדיגע „מעקענטאַש“ עפּעל, ביז אַ בעסקעט סם־המות׳דיגע עפּעלאַך, וואָס פאַרשלאָגען אפילו דעם אַפּע־טיט צום עץ החיים? פון א בינטעל מאַיעסטעטישע, פול־זאַפטיגע און ווי מיט לעבען אָנגעגאָסענע אַספּאַראַגוס־קרוינען ביז צו אַ בינטעל צוטריקענטע הושענות פון זעלבען פלאַנצען מין? צי ווייסט איהר דעם געוואַלדיגען אונטערשייד אין פּרייז און נאָכפראַגע פון דיזע אַלע פּראָדוקטען און צי ווייסט איהר אַז עס קאָסט כמעט ניט מעהר צו פּראָדוצירען דאָס בעסטע ווי דאָס ערגסטע, אַז דאָס איז אַלעס בלויז אַ פראַגע פון וויסענשאַפט, פּינקטלאכקייט און מאָדערנע פּראָדוקציאָנס־מעטאָדען?

צי איז אייך באוואוסט דער פאַקט, אַז אייער, געשיקט

פון קאַליפאָרניא, ווערען אין ניו יאָרקער מאַרקעט פאַרקויפט צו העכערע פרייזען ווי די אייער פון'ם אייגענעם סטייט, און אז דאָס איז בלויז אַ פראַגע פון קוואַליטעט, קאָאָפּעראַטיווער מאַרקעטינג סיסטעם און בעסערע ביזנעס מעטאָדען?

צי ווייסט איהר אַז צוליב ניט גענוגענדען קרעדיט, דורך פולסטער אבוועזענהייט פון אָרגאַניזאַציע און אומגעלומפּער־טע מאַרקעט קאָנדיציעס, קריגט דער פאַרמער קיינמאָל ניט גענוג באַצאָלט פאַר זיינע פּראָדוקטען און צאָלט אומגעהייער פיעל איבער אויף יעדען אַרטיקעל ביים קויפען און אַז דורך דעם איז ער פאַראָרימט, זיין קויפס קראַפט איז אָפּגעשוואַכט און אַז די לאַנד, אַלס גאַנצעס, ליידט דערפון אומגעהייער? צי ווייסט איהר אַז דער פאַרמער פיהרט דעם פאַרשאָלטען־אומבאַקוועמסטען לעבען אין אַמעריקע, ערגער פון דעם אָרימסטען שטאָט איינוואוינער. וואָס לעבט מיט דער הילף פון טשאַריטי־אינסטיטושאָנס? היימען אָן עלעקטריק־ליכט, אָן וואַסער לייטונג, אָן באַטה־רומס און אָן באַהייצונג?

און צי איז אייך באקאַנט דער שענדליך־טרויעריגער פאַקט, אַז דער פאַרמער, דער שעפּפער פון די פּראָדוקטען, נאַהרט זיך ערגער פון דעם שטאָט־מאַן, האָדעוועט זיך אויף דעם אָפּפאַל פון זיינע פאַרמס, ציטערט איבער איין איבעריגער גלאָז מילך, האָדעוען זיך אויף אָלעאָ־מאַרגאַרין אנשטאַט פּוטער און ערלויבען זיך דעם לוקסוס פון אַביסעל קרים בא אָן אומגליקספאַל, ווען עס פאַרזויערט אָדער בלייבט איבער אַ קאַן מילך?

צי ווייסט איר, אַז אין די רעקרוטינג סטיישאָנס אין די מלחמה יאָהרען איז עפענטליך געשליידערט געוואָרען די

שווערע באַשולדיגונג אין דעם אומפאַרשעמטען פּנים פון דער גאַנצער נאַציאָן, אַז די פאַרם האָט צוגעשטעלט אַן ערגערען און שוואַכערען מענשען־מאַטעריאַל פון דער ענגער שטאָט? און צי ווייסט איהר אַז די רורעל סקול איז די אָרימסטע און צוריקגעשטאַנענסטע אין לאַנד? אַז אַלס פאָלק, ווערען די פאַרמערס דערטרונקען אין בלאָטע אויף די אומגעפּלאַסטער־טע פאַרנאַכלעסיגטע קאונטרי וועגען, אויב נאָר דער קעניג שטאָטמאַן נויטיגט זיך ניט אין יענע וועגען פאַר זיין גלאָר־רייכען טריאומף צוג? אַז די פאַרמערס געהען שטענדיג אום אָפּגעריסען, אָפּגעשליסען, קרועה־בלועה, אין אַ פּאָר פּאַר־עיפּוש'טע אָוועראָלס און דורכגעטראָטענע ראָבערבוטס מיט אַ פאַרצייטיגען אויסטערלישען מין פון אַ בגד לכבוד יום טוב, פּירט אין אַלגעמיין דעם סאַמע אונקולטורעלסטען אַרט לעבען, אַ דאַנק זיין אַרמוט, זיין פאַרשקלאַפּטקייט, פאַרוואָרפענקייט און פולער אָפּגעריסענהייט פון געזעלשאַפטליכען לעבען?

און שולדיג אין דיזער טרויעריגער ערשיינונג זיינען אַלע גלייך: שולדיג די געזעצגעבענדע מאַכט, שולדיג די קאַפּיטאַ־ליסטישע וועלט, שולדיג דער שמאָל־פּראָגרעסיווער געדאַנק און נאָך מעהר פון אַלעמען — טאקע דער פאַרמער זעלבסט.

שולדיג די געזעצגעבענדע מאַכט פאַר ניט באַגרייפען אַז עס איז איהר חוב צו שטעהן אויף דער וואַך פון דעם שוצלאָ־זען און שוואַכען — פון איהר אייגענער זיכערהייטס וועגען אפילו.

שולדיג די קאַפּיטאַליסטישע וועלט פאַר ניט באַגרייפען, אַז אוים איינפאַכער אייגענוציגקייט שעכט מען ניט די גאַנז וואָס לייגט דעם גאָלדען איי, אַז מיט דער עקספּלואָטאַציע פון

דעם פאַרמער באַגעהען זיי דעם זעלבען פאַרברעכען ווי דער פאַרמער זעלבסט וואָלט באַגאַן ביים עקספּלואַטירען דעם באָדען אין געהעריגער באַמיסטיגונג, אָדער ביי דער ניט גע־נוגענדער נאַהרונג פון זיינע קיה און היהנער; שולדיג פאַר ניט וועלען באַגרייפען אַז ווען בלויז אַ טייל פון דער ענערגיע, פעהיגקייט און קאַפּיטאַל־אומזאַץ, וואָס ווערט פאַרברויכט פאַר דער עראָבערונג פון פרעמדע מאַרקעטס וואָלט פאַרנוצט געוואָרען פאַר דער אָרגאַניזאַציע און אויפבויאונג פון דער אייגענער אַגריקולטור, וואָלטען זיי געשאַפען אין אייגענעם אונשעצבאַרען מאַרקעט פאַר די פראָדוקטען פון זייערע אינ־דוסטריען, זיי וואָלטען אַ נייע ריזיגע וועלט־באַפעלקערונג ענדעקט, וואָס פאַרברויכט לעת־עתה ניט אַפילו אַ צענט־חלק פון די אינדוסטריעלע שאַפונגען, אויס מאַנגעל פון קויפס־קראַפט און נויטווענדיגקייט אין קולטורעל־געזעלשאַפטליכע באַדערפענישען.

שולדיג זיינען אויך די טרעגער פון פראָגרעסיווען גע־דאַנק, די קעמפער פאַר פרייהייט און יושר, וואָס האָבען קאָנ־צענטרירט זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און ענערגיע אויף דעם קאַמף פון קאַפּיטאַל און אַרבייט, פון פאָלק און רעגירונג און האָבען לחלוטין פאַרזעהן, אבזיכטליך און בייז־וויליג, די טראַגעדיע פון דעם פאַרמער, דיזען צרה׳דיגען אנדרוגנוס פון קאַפּיטאַל און ארבייט; האָבען איהם לייכט־זיניג פאַרדאַמט אַלס דעם טרעגער פון קאָנסערוואַטיזם, דעם פאַרטיידיגער פון פריוואַט אייגענטום, דעם רעאַקציאָנער מיט קאַפּיטאַליסטישע נייגונגען און האָבען אין זייער אויבער־פלעכליכקייט ניט באַגריפען אפילו די גרוים פון דער טראַגע־

דיע און ניט אויסגעגאַנגגען פאַר מיטלייד צו דער געפאַלענקייט פון אַ פאַרשקלאַפּטען קלאַס, וואָס וויים אפילו ניט פון זיין אָרט אין דער געזעלשאַפט, וואָס וויים אפילו ניט ווער עס איז מיט אים און ווער עס איז געגען אים; וואָס באַגרייפט אפילו ניט דעם גאַנצען שרעק פון זיין אונערטרעגליכער לאַגע. פון דאַנען אויך די אָנגעשטרענגטע באציהונגען צווישען פאַרם און שטאָט, וואָס ווערט אויסגעצייכענט גוט אויסגענוצט פון אַלע פינסטערע כוחות פאַר דעם אַלגעמיינעם אומגליק פון פרט און כלל. און נאָך מעהרער פון אַלעמען איז טאַקע שולדיג דער פאַרמער זעלבסט פאַר זיין אָקסענקעפיגקייט, פאַר זיין אונטערגעביגקייט און ניט דורכגעטראַכטען ווידערשטאַנד צו יעדען פּראָגרעסיווען געדאַנק און פאָרטגעשריטענעם מעטאָד. נאָך אַלעמען מוז דאָך ערגעץ זיין אַן אויבערוויכט צום מענשען איבער'ן אָקס; דאַרף מען דאָך ניט אימער בלויז אַרביי־טען און שלעפען; דאַרף מען דאָך אין זיך אויך אַמאָל דעם מענש דערפילען, דעם פונק פון געטליכקייט דערשפירען, דער־שפירען די אייגענע מאַכט און אויפשטעהן צו רעוואָלט, כאָטש אויסשרייען פאַרביטערט פון טיפען וועהטאג.

עס דרעמעלט אָבער אויף איהר הויכען טהראָן די לייט־זעליגקייט און טרוימט פון מאַכט און קראַמאָלע.

ברייננגען עלענדע סוחרים'לאַך אויף מענשליכע קרבנות צום גאָט פון האַנדעל און צעשמעלצען דערביי אויף גאָרנישט זייערע אייגענע מטבעות.

שפאַלטען קלוגע קעפּ נאַרישע הערעלאַך אויף אונצעליגע חלקים און פאַרנאַכלעסיגען דערוויל צו עפענען די מוחות פון לעבעדיגע מענשען און זיי אויפקלערען, און דער ערד־

אַרבייטער זעלבסט — ער האַלט ווי אַ לאַסט־טיר ביים בלו־טיגען וועג־ראַנד, גיט צומאָל אַ כאָרכעל און אַן אינסטינקטי־ווען „גסיסה־קיק״, קלינגט עס ערגעץ אָפּ ווי א פאַרמער־באַוועגונג — און פאַרשטאַרבט!

און פאַרגעסט ניט, אַז דער קריסטליכער פאַרמער, אין די מעהרסטע פעלע, קריגט די פאַרם בירושה פון זיינע עלטערן און אויב ער קויפט שוין יאַ איינע — געהט ער לכתחילה אין איהר אריין מיט מעהרער געלד; ער איז אָדער א געבאָרענער פאַרמער אָדער אַזאַ, וואָס האָט געקראָגען אַ „טריינינג״ אין פאַרמינג, איז פיזיש מעהר צוגעפּאַסט; געפינט זיך אין אַן אייגענער קריסטליכער סביבה מיט אַן אייגענער קולטור, טשוירטש און סקול; זיינע עקאָנאָמישע באַדערפענישען זייַנען אויך פיל קלענערע צוליב פילע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע און קולטורעל־געזעלשאַפטליכע אורזאַכען. מיט איין וואָרט — אין אַלגעמיין אַ בעסער צוגעפּאַסטער צום פאַרמערשען לעבען.

יעצט ווילט איהר נעמען אַ אידען, דעם געבאָרענעם שטאָט־מענש, דעם דורות לאַנגען קליינהענדלער אָדער שטאָט־אַרבייטער מיט געוויסע רעליגיעז־נאַציאָנאַלע און קולטורעל־געזעלשאַפטליכע אנשויאונגען און נייגונגען, אָן גענוגענדען קאַפּיטאַל און געהעריגען אַגריקולטורעלען וויסען, אָן די גע־העריגע כוחות, אויסגעזויגען פון דער גרויסשטאָטישער פּיאַווקע, נעמען און אריינוואַרפען אים אַן עלענדען אין אַ פרעמדער סביבה ערגעץ אין די סוואַמפּס, צווישען שטיין און „בּראָש״, ווייט פון סטייט ראודס און באַן־פאַרבינדונגען, ווייט פון גאָט און פון לייטען, פון מעדיצינישער הילף אפילו, און וואָס נאָך ערגער פון אַלעם — אָן אַן אייגענער היימישער

סביבה, און פאַראויס פאַראורטיילטער צו לייד און פיין, — און איהר ווילט ער זאָל וואַקסען און געדייען, זיך באַפעסטיגען און שלאָגען וואָרצלען. היתכן? — פרעג איך, אדרבא, ווי איז עס גאָר מעגליך? און דער יעצט-צו-טאָגיגער אידישער פאַרמער אונזערער — ווער איז ער? פון וואַנען און צוליב וואָס קומט ער אַהער?

געדיינקט איהר דאָך דעם כאַראַקטעריסטיש-אידישען וויץ מיט דעם איינעם, וואָס קיין געלד האָט ער ניט, קיין אַר־בייט קען ער ניט און איז נאָך אַן עם הארץ אויך אין צוגאָב, און אַז ממילא פאַרבלייבט שוין פאַר אים קיין אַנדער זאַך ניט, אויסער ווערען גאָר אַ מלמד.

און ווי מיט'ן מלמד, אַזוי אויך מיט אונזער פאַרמער! איינער וואָס האָט זיך צוליב עפּעס אַראָפּגעשלאָגען פון דעם אויסגעטראָטענעם ביזנעס וועג, אָדער האָט זיך אויסגעשפּילט בא דער אַרבייט, אָדער וואָס איז גלאַט עפּעס אַ ניט דער־פאָרענער, וואָס קען זיך ניט צופּאַסען צום לעבען, אָדער סתם אַ חצי־בטלן, וואָס ליידט אויף „נאַטור” שוואַכקייט, אָט די אַלע מרי־לב ומצוקי־נפש, דער אָפּפאַל פון גרויסשטאָטיגען לעבען און איהר אינדוסטרי, וואַרפען עס זיך אויף די פאַר־שטיינערטע, זאַמדיגע אָדער סוואַמפּיגע באָדענס פון די פאַר־וואָרפענסטע ווינקעלאַך פון דער גרויסער אַמעריקע, קרבנות פון שווינדלערישע אַגענטען, פון אייגענער אונוויסענהייט און פון אַן אומגעלומפּערטער מאַרקעטינג־סיסטעם, וואָס זייגט אויס ווי אַ פּיאַווקע די בלוט פון דעם פאַרמער, מיט דער אַל־געמיינער דיסאָרגאַניזאַציע, מאַנגעל אין קאַפּיטאַל, קרעדיט און וויסען, איינזאַם און פאַרלאָזען ווי אַ שטיין.

אדרבא, צייגט מיר אָן די ערפאָלגרייכע ביזנעסלייטע, די פעהיגע גוט באַצאָלטע טריידס־אַרבייטער, די אין אַלגעמיין שטאַרקע, פעהיגע צום גרויס־שטאָטישען קאַמף פאַר׳ן לעבען צוגעפּאַסטע, וואָס טרעטען אריין אין די רייהען פון דער אידישער פאַרמעריי. צייגט זיי מיר אָן, איך וויל אויף זיי בלויז אַ קוק טאָן און איבער זיי, פאַראיינס, א ברכה מאַכען! און טאָמער פאַלען אַזעלכע אַמאָל יע אריין, וועט איהר זיי טאַקע געפינען צווישען די געציילטע ערפאָלגרייכע פאַרמערס, אָדער כמעט אימער צוריק אין דער גרויסער שטאָט, וואו זיי היילען זיך ביסלאכווייז אויס פון די שווערע פינאַנציעלע און גייסטיגע וואונדען, פון זייער טרויעריגער ערפאַרונג, פאַרבייסען בלוטיג מיט די ליפּען און שווייגען פאַר שאַנדע און וועהטאג.

איבערהויפּט שרעקליך ווערט די לאַגע פון דעם אידישען פאַרמער, ווען עס קומט צו דער באמת טראַגישער פראַגע פון קינדער־ערציהונג אויפ׳ן פאַרם. דער פאָטער, אייביג פאַר־יאָגט און פאַרשקלאַפּט, פאַרגעסט נאָך צומאָל אונטער דעם שווערען יאָך פון דער דריקענדער נויט און טעגליכער זאָרג. די אידישע מוטער — זי פיהלט עס אָבער אם שטאַרקסטען און ליידעט אונערטרעגליך. די איבערגעגעבענע אידישע מו־טער — זי לעבט דאָך נאָר מיט דער צופרידענהייט און גליק פון איהר פאַמיליע, מיט דער צוקונפט פון איהרע קינדער, מבטל מאַכענדיג זיך אינגאַנצען.

צוערשט קומט די אַלגעמיינע בילדונג פּראָבלעם, קומט די רורעל פּאָבליק סקול מיט איהר זייער נידריגען סטאַנדאַרד פון בילדונג, אַ דאַנק איהר צעוואָרפענקייט, איהר אָרימקייט און קליינעם צאָהל קינדער. דאַן קומט די היי־סקול מיט איהר

טעגליכען טרעוועלען מיילען ווייט איבער די שניי־פאַרשאָטע־נע וועגען אין שטורם און געוויטער, — פון קאלעדזשעס איז דאָך שוין אָפּגערעדט! דאָך וואָלט עס נאָך אַלעס ווי עס איז מיטגעגאַנגען. די הויפּט טראַגעדיע איז אָבער מיט דער אידיש־נאַציאָנאַלער קינדער ערציהונג. ס'מאַכט ניט צו וועל־כען לאַגער איינער באַלאַנגט — צום רעליגיעז־נאַציאָנאַלען, צו צום עקסטרים ראַדיקאַלען—יעדער איינער, אין דעם נאָמען פון זיינע געטער און אידעאַלען, קלאגט אויף דעם חורבן פון דער אידישער פאַרמער־יוגענט. אין שטאָט איז כאָטש דאָ אַ קאָמפּאַקטע אידישע מאַסע, די אידישע גאַס, דער אימפּעט פון אידישען לעבען און אידישע אינטערעסען. דאָ, אויפן פאַרם, מוז זיך ענטוויקלען בלויזע טעמפּקייט און עכטע עם הארצות. און מען איז דאָך ניט מער ווי מענשען, מען קוקט זיך צו, מען פאַרשטייט און מען ליידט, און מיט שרעק און מיט יאוש קוקען די עלטערען צו, ווי זייערע קליינע עופ'עלאך ווערען פאַרוואַנדעלט אין דערוואַקסענע מענשען־קינדער, ווי עס גלייכט זיך אויס אין אַ שטאַרקען מאַן דער יונגער בחור'ל, ווי עס רונדעט זיך אויס און בליהט זיך פאַנאַנדער ווי אַ צאַר־טע בלום די טאָכטער, און צוזאַמען מיט דעם קומט דער דראַנג נאָך געזעלשאַפט, נאָך טעטיגקייט, נאָך שטרעבונגען און חלומות.

און איך בעט אייך, אידען, וואָס וועט פאַרט זיין דער תכלית פון דיזער יוגענט אָן אַן אייגענער סביבה? וועלען זיי די גאַנצע יאָרען אָפּפינסטערען אויפ'ן פאַרם אין דיזען ווילדען העק? און די טעכטער? דאָס איז דאָך גאָר אַ שטילע טראַ־געדיע, וואָס מען דאַרף בלויז אין זיך שטיקען און שווייגען,

אַ פראַגע, וואָס עגבערט איינפאַך דעם מוח און פאַר׳סמ׳ט דאָס לעבען; אַביסעל ניט דערלערענט, אַביסעל ניט דער־פאַלישט און אַ היבש ביסעל אָנגעשטעקט מיט „אונפעריאָריטי קאָמפּלעקס“ — און אפשר אויך ניט אינגאַנצען אָן גרונד — מיט ווען זאָלען זיי זיך צוזאַמענטרעפען, באקענען זיך, חלומ׳ען, פאַרליבען זיך, הייראַטען און גליקליך זיין? איינפאַך אַז אַ שרעק געהט דורך! מערקט איהר טאַקע אויף דעם פּנים פון דער גוטער מוטער יענעם טיפען צער, וואָס נאָר פאַר־זאָרגטע מאַמעס פון דערוואַקסענע טעכטער דריקען שטום אוים מיט זייערע אידישע אויגען.

הייבט זיך אָן די גרויסע טראַגעדיע ביסלאכווייז צו דער־נענטערען זיך צו איהר אונפאַרמיידליכען קלימאַקס. עס שפּילט זיך אָפּ דער לעצטער אַקט פון דער בלוטיגער דראַמע: דער באָי הייבט זיך אָן רייסען אין שטאָט אריין, עס הייבען זיך אָן צאַנקרייען, געבעטען, דראָהונגען, טרערען, יאוש — און ער געהט דאָך אַוועק. די גרויסע שטאָט — זי האָט איהם פאַרשלונגען.

און די שוועסטער — זיי לויפען זיי נאָך, אליין אונער־פאַרענע אין לעבען, ניט צוגעגרייטע צום קאַמף, צו זייער לעבענס־קאַמף, דעם קאַמף פון דער היינטיגער מיידעל פאַר איהר אָרט אין דער געזעלשאַפט, פאַר איהר ליבע און גליק. און דאָס אַלעס אַליין, אָן דער שיצענדער אטמאָספערע פון אן אייגען היים, אָן דער הייסער סימפּאַטיע פון אַ מוטערס הארץ און אָן דער אויפזיכט פון איהר אויג.

און די היים פאַרבלייבט ווי אן אויסגעליידיגטער נעסט, פול מיט טיפען אומעט, פול מיט בענקעניש און שרעק, די

ביינקעניש נאָך די בראַווע זין, די שרעק פאַר דעם גורל פון די ליבע טעכטער; ווערען די ליידען אונערטרעגליך און דאָס ווייטערדיגע לעבען און אַרבייטען אָן אַ זין און אן אן איינ-האַלט. פאַרקויפט מען אַלעס מיט אנאנדער, אַלעס מיט וואָס מען האָט זיך אַזוי ענג צוזאַמענגעלעבט אין די פילע יאָרען פון ארבייט און ליידען, פון שטרעבונג און האָפנונג. מען לאָזט איבער אַלעס און מען לויפט צוריק אין דער שטאָט אריין, צו די ליבע קינדער, אַלטע, צובראָכענע, אָן געלד, אָן כוחות, און אָן אַ באַשעפטיגונג, מיט'ן שווערען געפיהל פון צובראָכענע און רואינירטע לעבענס.

אפשר באגרייפט איהר עס יעצט אַביסעל בעסער דעם גאַנצען שרעק פון דער פלאַנלאָזער, אונאויסגעהאַלטענער און צוזייטער אידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע. פיהלט איהר ניט די שולד, די נאַציאָנאַלע שולד, פון אַ כלל, וואָס באציהט זיך אַזוי גלייכגילטיג צו דעם גורל פון אַ היסטאָרישער פאָלקס-ערשיינונג?

איך אַליין, דער געבאָרענער פיאָנער און טרוימער, וועמעס גלויבען וואַקסט מיט יעדען דורכפאַל און וועלכער זעהט מעהר זין אין דעם טויט פון פעלד, ווי אין דעם לעבען פון שטאָט, — אַפילו איך וואָלט אָנגעווענדעט מיין גאַנצע קראַפט און ווילען געגען דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג פון אידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע, אויב זי זאָל ניט אָננעמען קיין נייע ווענדונג, קיין פראַקטיש-וויסענשאַפטליכע מעטאָדען, קיין קאָנצענטרירטע נאַציאָנאַלע ריכטונג און איינהייטליכען פלאַן.

ווארים דאָס איז גרויזאַם, דאָס איז אונערטרעגליך, און

דערין איז דאָ פון נאַציאָנאַלער ענטארטונג און פון פערזענ־ליכען זעלבסטמאָרד!

ווארים צופיל האָבען מיר אין קאָן געוואָרפען, צו טייער פאַר אונזערע אידעאַלען געצאָלט. אייגענע לעבענס רואינירט, גאַנצע פאַמיליעס פאַראומגליקליכט, זיי מיט דער מאַכט פון וואָרט און גלויבען פון דער גרויסער שטאָט מיט איהרע גע־שעפטס-מעגליכקייטען און באצאָלטע טריידס אָפגעריסען, אין מיסט געוואָרפען און מיט דער מיסט צוגלייך געמאַכט, אַ שפּילצייג אין די הענט פון בייזען שיקזאַל, אַ צילברעט פאַר די קלוגע שטעכווערטלאך פון די דערפּאָלגרייכע, אַ שפּיי־קעסטעל פאַר יעדען בלוט-צאַפּער און שווינדלער.

און מיר טאָרען פון אונזערע פּאָסטען ניט לויפען, ניט לויפען ווי די מייז פון אַ זינקענדער שיף. מיר האָבען ערשט אונזער חוב דערפיהלט, אונזער בלוטיגען חוב אַלס איד און אַלס מענש, אונזער חוב צו די טויזענדער ברידער און שוועס־טער, צו די זין און טעכטער וואָס שמאַכטען הילפלאָז אין די נעגעל פון פאַרמעריי, פון דער זינלאָזער און פיינליכער אידי־שער פאַרמעריי אין אַמעריקע, און מיט דעם גאַנצען פיין און לייד פון רואינירטע לעבענס, מיט דעם גאַנצען שרעק פון טיפען יאוש וועלען מיר ניט מיד ווערען אויסצושרייען אַזוי הויך און אַזוי שטאַרק, ווי נאָר די שוואַכע כוחות אונזערע וועלען עס אונז ערלויבען, וועגען דער גרויסער געפאַהר וואָס דראָהעט דער אידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע, וועגן איהר מאַרטירערטום, וועגען איהר פאַרוואַהרלאָזיגקייט און האָפ־נונגסלאָזען קאַמף, ביז איר וועט דערהערען און אויפציטערען אין די פאַרבאָרגענסטע ווינקעלאך פון אייערע נשמות, ביז

איהר וועט זי אויפנעמען אין איהר פולער גרויס און ערנסט, וועט זי פון אן איינצעלנעם מאַרטירערטום און דורכפאַל צו איין אידיש-נאַציאָנאַלער פּראָבלעם און גרויסען ערפאָלג דער-הויבען.

וואָרים אַ פאָלק קען ניט קאָנצענטרירען זיין גאַנצע עקאָ-נאָמישע טעטיגקייט אויף איין באשרענקטען געביט; ווארים נייע טענדענצען און ווינטען האָבען אָנגעהויבען בלאָזען אין דער עקאָנאָמישער וועלט; וויסענשאַפטליכער גרויס-קאַפּיטאַל לייגט זיין האַנט אויף יעדען צווייג פון מענשליכען שאַפען, באַהערשט איהם מיט דער מאַכט פון וויסען, מיט דער גע-וועהר פון אָרגאַניזאַציע, מיט דער טאַקטיק פון געשולטע מע-טאָדען, דערשטיקט אָבער אויך צוגלייך יעדע מעגליכקייט פאַר אינדיווידועלער שאַפונג און איניציאַטיווע, פאַרניכטעט דעם קליין-האַנדעל, פאַרוואַנדעלט אים אין שרייפלאַך און ברעקלאַך, שרייפלאך-מענשען, ברעקלאך-לעבענס. און ניט אַלע קענען ווערען קאַפּיטאַלנען פון אינדוסטרי. ניט אַלע קענען אָבער אויך זינקען צו דער טרויעריגער מדרגה פון מאַשין און שרייפעל. דאָס איז פיזיש אומגעזונט, דאָס איז גייסטיג דעמאָ-ראַליזירענד. אומגעזונט פאַר יעדען פאָלק, פאַר יעדען לאַנד, פאַר אונז אידען אָבער אַן איינפאַכער אומגליק. מיר זיינען אַ פאָלק פון גייסט, אַ פאָלק פון שטרעבען, אַ פאָלק פון אינ-דיווידועלען זין און איינגעבוירענער האַרטנעקיגקייט. מיר וועלען איינפאַך צובראָכען ווערען אונטער דעם שווערען דרוק פון גרויס קאַפּיטאַל און גרויס אינדוסטרי אָן דעם „סייפטי-וואַלוו" און אויסגאַנגס-פּונקט פון אַגריקולטורעלען שאַפען און אינדיווידועלער איניציאַטיווע. און ווי גרויס די אנטוויקלונג

פון מאָדערנער אַגריקולטור זאָל ניט זיין — וועט זי דאָך קיינ־מאָל, לויט דעם אינערליכען זין איהרען און אויסערליכע שאַ־פונגספאָרמען, ניט אינדוסטריאַליזירט אויפ'ן שטייגער פון אַנדערע גרויס אינדוסטריען, וועט אימער לאָזען פלאַץ פאַר'ן אינדיווידועלען שאַפען, ווערען דער עיר מקלט פון פאָלקס־לעבען.

און מיר אידען, מיר ווילען איהרע פיאָנערען ווערען. מיר האָבען דער וועלט איהר גאָט געגעבען, מיר האָבען אין זייער האַנדעל און אינדוסטרי איינטייל גענומען, מיר האָבען אונ־זערעם בייגעטראָגען אין אַלע צווייגען פון וויסענשאַפט און קולטור אויפ'ן חשבון פון אייגענער נאַציאָנאַלער ענטאָרטונג. זאָל יעצט אונזער שטאַרקער וואָרט אויך אין דער וועלט פון אַגריקולטור דורכקלינגען. אונזער מיסיע איז נאָך ניט צו ענדע, זי פאַנגט זיך ערשט אָן. די אַלטע מיסיאָן פון פאָרבא־רייטען דעם באָדען פאַר'ן ערפאָלגרייכען מאַרש פון גרויס־קאַפיטאַל איז כמעט ווי צו ענדע. איבער אונזערע אייגענע קערפערס מאַרשירט ער יעצט האַרצלאָז. אַ נייע לעהרע מוז מען יעצט ווידער טראָגען אין די ברייטע מאַסען, די לעהרע פון פראָגרעס און ביזנעס־מעטאָדען אין דעם אָפגעשטאַנענ־סטען טייל פון מענשליכען שאַפען — אין דער וועלט פון אַגריקולטור.

און דער איד, דער דורות־לאַנגער באָדענלאָזער און אָפ־געריסענער איד, ער וועט ווערען איהר פאָרקעמפער און פאָנענטרעגער. ער וועט עס אויך מוזען ווערען לויט דעם געשיכטליכען זין פון ענטוויקלונג. ער איז דער אַמבעסטען

צוגעפּאַסטער, דער שליח און נביא פון געשיכטע און דער־שיינונג. יעס, דער איד מיט זיין אונערפילטען הונגער נאָכ'ן געזונטען ערד־לעבען, מיט זיין אויסגעשאַרפטער פסיכיק אין דעם טויזענד יאָריגען קאַמף פאַר עקזיסטענץ און ערפאָלג; דער טרעגער פון באַוועגליכקייט, אָריענטאַציע און צוגע־פּאַסטקייט, דער ניט געבונדענער מיט די קייטען פון פאַר־שימעלטע טראַדיציעס און אַלטע געוואוינהייטען ווי די על־טערע דורות ערד־אַרבייטער, דער אידישער געשעפטסמאַן — דער מעהר געוואוינטער צו נאָכטראַכטען און נאָכדיינקען, דער אידישער ארבייטער — דער מעהר געשולטער פאַר פאַר־איינינגונג און אָרגאַניזאַציע, דער אַלגעמיינער אידישער גייסט פון פאַרטיפונג און קולטור — זיי וועלען אַ נייע בלעטעל אין דער געשיכטע פון לאַנדסווירטשאַפט שרייבען, אַ בלעטעל פון מאָדערנער שאַפונג, אַ בלאַט פון אַ פּראָגרעסיווען אַרט לעבען.

און איך בעט אייך, לאַכט ניט מער מיט ביטול און ווינקט זיך קלוג ניט איבער: אין דעם איז דאָ מעהר אמת, ווי אין אייער ציניזען שמייכעל, מעהר הארץ און ערפאַהרונג ווי אין אייער קלוגען דיינקען, ווארים פון ערפאַהרונג רייד איך עס, פון ערפאַהרונג אייגענער און פרעמדער אַלס איד און אַלס פאַרמער. יעס, איך האָב זיי געזעהען די אידישע פאַרמערס אונזערע, איך האָב זיי געזעהען אין זייער עלענד און פיין, צוזאַמען געהאָפט און געליטען. איך האָב זיי געזעהן אין זייער קאַמף און דורכפאַל, באַוואונדערט זיי אין דורכפאַל נאָך מעהר ווי אין ערפאָלג. איך האָב געזעהען דעם אָפּפאַל איהרען, בלויז דעם אָפּפאַל, דעם אונפעהיגסטען, אונ־קולטורעלסטען און אָרימסטען טייל איהרען דערוויל פאַר־

טראָטען אין דער פאַרמעריי, איך האָב זיי געזעהען עלענדע און פאַרוואָרפענע אויף די ערגסטע פאַרמס פון אַמעריקע, וועלכע זיינען שוין אַלס פרייע ירושות אפילו אונטערגעגאַנגען אין די הענד פון זייערע געבאָרענע אייגענטימער; איך האָב זיי געזעהען אין די הענד פון אידישע פאַרמערס אָן דעם גע־העריגען קאַפּיטאַל, אָן דעם עלעמענטאַרסטען וויסען פון אַגריקולטור, אָן פיזישע קרעפטען אפילו, אויסגעזויגען פון דער גרוים־שטאָטישער פּיאַווקע, און אָן אָן אייגענער היימי־שער סביבה. איך האָב זיי געזעהן קעמפענדיג אויף טויט און אויף לעבען, זייט באַ זייט מיט זייערע פרויען און קינדער. איך האָב זיי געזעהען אין דעם גאַנצען פּראָצעס פון שאַפונג און ווידערגעבורט, געזעהען און איבערפילט געוואָרען מיט וועה און גלויבען: מיט דעם וועה פון זיינע ליידען, מיט דעם טיפען גלויבען אין זיינע שאַפענדע כחות און אין דעם דראַנג פון אַ פרידליך פאָלק, וואָס האָט אַמאָל געלעבט מיט דעם כוח פון אַקער און טיפען גלויבען.

און ווילט איהר עס בעסער באַגרייפען, דאַן וועט איהר מוזען אַ טראַכט טאָן וועגען דער גרויסער ראָל פון'ם אָרימען שניידערל אין דער קליידער אינדוסטרי, פון'ם אידישען חלפן אויפ'ן געביט פון וועלט פינאַנץ און פון דער ראָל פון דעם אידישען אַרבייטער אין דער וועלט פון אָרגאַניזאַציע און וועלטאנשויאונגען, און דאָס אַלץ אין אַ משך פון געצעהלטע יאָהרען. און אַז איהר וועט זיך פאַרטראַכטען, וועט שוין ממילא אָפּשטאַרבען דער ביטול־שמייכעלע אויף אייערע לי־פען, וועט אויפלעבען דער נייער גלויבען אין דער הערליכער צוקונפט פון אידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע, געבויט אָבער

אויף נייע יסודות, דורך אַ נייער באַציהונג פון דעם גאַנצען כלל ופרט.

ווי נאָך יעצט קלינגען אין מיינע אויערן די ווערטער פון דעם אַלטען גוטען יענקי, פון וועלכען מיר האָבען געקויפט די ערשטע פאַרם אונזערע. „און דו, מיין זון, זיי פאָרזיכטיג מיט זיי, זיי וועלען דיך אויפעסען דיזע אַלטע דעכער. שוין יאָרען לאַנג ווי איך קלייב זיך עס אַלץ צו טאָן און האָב זיך מורא מיט זיי אָנצופאַנגען. היט זיך פאַר זיי, זיי וועלען דיך אויפעסען!"

אַזעלכע אמת'ע ווערטער, אַזוי כאַראַקטעריסטיש אי פאַר דעם אַלטען יענקי, אי פאַר דעם יונגען איד, ווי פאַר דעם גאַנצען צושטאַנד פון אידישער פאַרמעריי.

אַ טיפ פון ניו־אינגלאַנד פאַרם; מיט גרויסע אַלטע גע־ביידעס, אָפגעלאָזענע און פאַרוואָהרלאָזטע, געבויט נאָך אין דער צייט פון אַגריקולטורעלן הויפטבאַשטאַנד פון דער באַ־פעלקערונג; דורכגעמאַכט אַלע ירידות מיט דעם אינדוסטריע־לען וואוקס פון דעם לאַנד, ניט בכוח אפילו יעצט די אַלטע דעכער אין אָרדנונג האַלטען און שוין ניט אַזוי בכוח, ווי ניט וויליג. — דער אַלטער יענקי איז דוקא רייך געוועזען, — ווי ניטאָ פון וועמענס וועגען: די יוגענד זיך צוקראַכען און דאָס עלטערע שטאַרבט ביסלאכווייז אָפּ!

און נייע דעכער האָבען באַצירט די אַלטע געביידעס, נייע רונדע סיילאָס אויפגעשטעלט דעם זאַפטיגען קאָרן צו האַל־טען, צו אַלטע בילדינגס זייער תקון געבראַכט, די צובראָכענע האַלב פאַרפוילטע פלאָרס אין די שטאַלען מיט צעמענט פאַר־ביטען, די פערד־שטאַלען און היי־באַרנען אין זייער אַלטער

פראַכט אויפגעשטעלט, באַלויכטונג, באַוואַסערונג אין הויז און באַרן איינגעפירט. בהמה און עוף אויסגעבעסערט, די פראָדוקציע פון קוה און עוף, פון בוים און אַקער פיעל פאַר־גרעסערט, ווי אויף אַ בייז וואונדער שכנים קוקען, שאַקלען מעהר ניט מיט די קעפּ און לערנען זיך דרך־ארץ צום אידישען פויער און צו זיין אונטערנעהמונגס־גייסט. ניט איינעם פון זייערע פרייזען ביי זיי אונטער דער נאָז צוגענומען, פאַר קוה און עוף, פאַר פרוכט און גאָרטענצייג געגומען. געלעבט בשלום מיט יעדען איינעם זיך אַרויסגעהאָלפען מיט איינ־אַנדער, מיט געצייג מאַשין, מיט ראַטה און טהאַט. אך, יענע גוטע צייטען פון יונגען דראַנג און טיפען גלויבען!

„און ווייסטו גאַר וואָס" — רופט זיך אָב צו מיר פראָ־פעסאָר דזשאנסאן, דער העד פון קעמיסטרי דעפּאַרטמענט פונ'ם באריהמטען יואל קאלעדזש און אַ שכן צום פאַרם — „ווייסטו גאַר וואָס, קויף ביי מיר אָב מיין גאָטזעליגען פאָ־טערס פאַרם, איך קען זיך מיט איהר ניט אָפּגעבען, איך וועל די אַלטע מוטער מיינע מיט זיך אין שטאָט נעמען. איך זעה אַז אין דיר האָט ערוואַכט דער גייסט פון איין אַלטען פאַרמער־פאָלק, איך וואָלט גערן געזעהען די הייס פון מיין פאָטער און די וויגעלע פון מיינע יוגענד יאָהרען אין גוטע הענד"! איהר פאַרשטייט, מיר זיינען שכנים, אַ פאַרם לעבען אַ פאַרם, אַ הויז לעבען אַ הויז און אין דעם פּראָפעסאָר לעבט נאָך דער אַלטער פאַרמער, אַליין אַ פאַרמערס אַ זון, ביז איבער 20 יאָהר אַלט אויפ'ן פאַרם געאַרבייט, זיך מיט איהר צוזאַמענגעוואקסען, זיך קיינמאָל ניט געקענט באַפרייען פון דער ליבע צו דער מוטער ערד, פונ'ם גרויסען דרך־ארץ פאַר'ן

אַלטען טאַטען און קלוגען פאַרמער, וואָס האָט געאַרבייט שווער, געלעבט מיט תכלית, קינדער אין סקול געשיקט, זיי פון פריהסטער יוגענד צו שווערער אַרבייט און פאראנט־וואָרטלאכקייט געלערנט, דעם יסוד פאַר׳ן קומענדען ערפאָלג געלייגט מיט דער געזונטער לאָגיק און טיפער חכמה פון דעם ערד־מענש.

פלעגען מיר אַזוי זיך אָפט זיצען צוזאַמען אָנגעשפּאַרט ערגעץ אונטער א שטיינערנעם פענס פון אַ שכנה׳שער פעלד, איך — דער יונגער גרינער איד, ער — דער מיטעל־יעהריגער אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר, און פאַרברייגען צומאָל אַזוי איינפאַך, אַזוי געמיטליך, ווי צוויי אַלטע באַקאַנטע, ווי צוויי בעסטע פריינד; איך — דער גרינער אידישער טרוימער, דער פאַרליבטער אין דער מוטער נאַטור און עלענדער אין זיין אונבאַהאָלפענקייט; ער — דער אַלט־געזעסענער יענקי, דער פּראָפעסאָר פון איהר קאָלעדזש, דער פאָרשטעהער פון איהר מאַכט און קולטור. מיר פלעגען זיך זיצען און פאַרברייגען צומאָל שטונדען לאַנג וועגען פיעלע זאַכען פון לעבען, וועגען די באציהונגען צווישען שטאָט און דאָרף, צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, צווישען אַלטע און נייע לעבענס־פאָרמען, וועגען פאַלשע און אמת׳ע ווערטהען. ער אין אַ קולטורעל־ראַפינירטען ענגליש, איך אין מיין אידיש־צובראָכענעם, פלעגען אַזוי אָפּריידען שטונדען לאַנג, זיך פאַרשטעהן אויסגעצייכענט און צוזאַמען טרוימען, ווארים טרוימען פלעגט דיזער גוטער פּראָ־פעסאָר, צו קיין גנאי זאָל עס אים ניט זיין, דוקא פון יענע גוטע צייטען, ווען ער וועט זיך קענען ערלויבען דעם לוקסוס צו רעזיגנירען זיין פּראָפעסאָרען־אַמט, זיך אויסבויען א

קאָנטרי־היים אויף אַ געוויסען פלאַץ פון זיין טאַטענס פאַרם, וועט דאָרטען זיינע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען טאָן, וועט פאַרפלאַנצען אַ שעהנעם פרוכט־גאָרטען, וועט האָדעווען עופות, וועט זיין פריי, אונאבהענגיג, גליקליך און צופרידען — „יעס, איז קויף ביי מיר אָפּ מיין פאָטערס אַלטע פאַרם, לאָז מיר בלויז אָפּ יענעם שטיקעל פעלד אויפ'ן באַרג, דאָרט האָב איך מיינע בעסטע קינדער יאָרען פאַרבראַכט, פּיטערענדיג די שאָף פון מיין פאָטער. איך וועל דאָרט אַמאָל מיין היים בילדען !" און איך האָב זיין פאַרם אויך געקויפט און אים יענע פעלד געשיינקט. ווער נאָך ווי אַ איד פילט דעם כוח פון טראַדיציע און ווער נאָך ווי אַ טרוימער ווערט הינגעריסען פון שעהנע ערינערונגען ! ?

און אַ פראַכטפולע היים, אַ פּאַלאַץ בזעיר אנפּין שפּיגעלט זיך יעצט אויף דעם שפּיץ פון יענער פעלד. דער גליקליכער פּראָפעסאָר — ער האָט זיין טרוים פאַרווירקליכט. ער האָט אַ צויבערשלאָס אויף דעם לאַנד פון זיינע אבות געבויט, אויף דעם פעלד פון זיינע יוגענדליכע חלומות, נאָך איידער ער האָט רעזיגנירט — ער איז יעצט אויך הויפּט־פּראָפעסאָר פון זיין דעפּאַרטמענט — און מיין חלום, וואו איז ער ? און אין וועמעס הענט זיינען די גרויסע פאַרמס אריינגעפאַלען ? און ווי איז דאָס אַלעס געשעהן, און וואו בין איך זעלבסט, און וואו איז מיין היים, און וואו זיינען מיינע לופט־שלעסער ?

עפּעס ווי נביאישעס אָדער אַלטע חכמה איז געלעגן אין דער ווארנונג פון דעם אַלטען יענקי : „היט זיך פון די אַלטע דעכער, זיי וועלען דיך אויפעסען". און זיי האָבען מיך אויפ־געגעסען, די אַלטע דעכער, די צובראָכענע שטאַלען, די ניש־

טיגע קיה און עופות, די אַלטע פאַרזשאַווערטע מאַשינערי. זיי האָבען מיך אויפגעגעסען.

דער מאַנגעל פון קאַפּיטאַל, די פעהלערען פון אונערפאַרונג, דער שרעקליכער מאָנסטער פון אַ פעלערהאַפטער מאַרקעטינג סיסטעם. זי האָט מיך אויפגעגעסען, די פאַרם־אַרבייטער פראַגע, און דער עיקר די אומגעבונג, די אָפּגעריסענקייט פון אַ קולטורעל־געזעלשאַפטליכען לעבען, פון אַ אידיש־נאַציאָנאַלער סביבה, ניט אימשטאַנד געווען איינהאַלטען די פאַמיליע, ניט געקענט געפינען דעם נייטיגען ענטפער צו פילע האַרבע פראַגען פון געגענוואַרט און צוקונפט.

אַזוי קויפט אַ איד אַ פאַרם, אַזוי שאַפט ער און פאַלט!

## צו דער פראַגע פון אידישער האָטעלקיפּעריי.

און טראַכט מען זיך מערער אַריין און קוקט מען זיך איין האַרעלע נעהענטער צו צו דיזען אנדרוגנוס פון אידישען שאַפען — צו דער סדרה האָטעלקיפּעריי, ווערט ערשט אַזוי מיאוס בולט און חלשות'דיג קלאָר די גאַנצענע אומגעלומ־פּערטע סיסטעם־לאָזיגקייט, דער שרעקליכער כאַאָס פון אַלע אונזערע אידישע שאַפונגען און אנשטרענגונגען.

ווי דורך אַ בייז וואונדער, אָן וועלכער ניט איז געזונטער אויסרעכענונג און פּראַקטישען פּלאַן, וואַקסט זיך ווי ווילד פלייש פאַנאַנדער אַ ריזיגע, שיר ניט 100 מיליאָן דאָלארדיגע אינדוסטרי און באַשעפטיגונג וואָס פאַרשלינגט ריזיגע אינ־וועסטמענטס, וועלטען מיט ענערגיע, יס'ען גאַנצע פון בלוט און שוויים, פרעסט אויף ווי אַ בלוטדורשטיגע חיה טויזענ־דער לעבעדיגע מענשען מיט זייער גוף און נשמה, מיט זייערע אידעאַלען און שטרעבונגען, פרעסט דעם פאַרמעגען, די ענער־גיע, די אידעאַלען און מעגליך אויך די מאָראַל פון אַ גאַנצען פאָלק און וועט סוף כל סוף, ווי אַ פאַבעלהאַפטער מאָנסטער, אויפפרעסען זיך זעלבסט אויך.

פון דער פאַרם צו דער פאַרם הויז, פון דער פאַרם הויז ביז צום באָארדינג הויז, פון דער באָארדינג הויז ביז צו דער מכלמרשט מאָדערנער האָטעל־קיפּעריי, מיט די אונצעהליגע קעמפּס פאַר עלטערע און אינגערע, פאַר באָים און פאַר מייד־לאך — איין ענדלאָזע קייט פון כאַאָטישער אומאָרדנונג, פון

ווילדען אַנוואוקס און שלעכטער פאַרוואַלטונג, פון ניט אויס־געהאַלטענקייט פון א קריינקלאַך אומגעזונטער פינאַנציעלער און געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג. איך צווייפעל זייער אויב אַפילו דער קומענדער היסטאָריקער מיטן גאַנצען זאַפּאַס פון פאַרטיגע פאַקטען אין האַנד וועט זיך ווען עס איז קענען ספּראַווען מיט דיזער פאַרפּלאָנטערטער און גיגאַנטישער ער־שיינונג אין אידישען לעבען, וועט קוים אימשטאַנד זיין דער־גרונטעווען זיך צו דעם אמת'ן זין איהרען, צו דער לאַנגער רייהע פון אורזאַכען און פאָלגען וואָס האָבען געווירקט אין איהר מיט, צו דעם געוואַלטיגען איינפלוס איהרען אויף דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און קולטורעל־געזעלשאַפטליכער ענט־וויקלונג פון דער אידישער גאַס בכלל און איהר אפשר גאָר שעדליכען איינפלוס אויף דער ענטוויקלונג פון אידישער פאַר־מעריי בפרט.

עס איז אפילו אמת, אַז ביי קיין פאָלק אין דער וועלט איז די ארבייטענדע און קליינהענדלערישע מאַסענבאַפעלקע־רונג ניט אַזוי צוזאַמענגעפּרעסט און איינגעשרומפּט אין די איינגע פיר ווענט פון די ריזיגע שטעט; אַז ביי קיין פאָלק אין דער וועלט איז די מאַסענבאַפעלקערונג, אַלס גאַנצעס, ניט באַשעפטיגט אונטער אַזעלכע אומשטענדען און ביי אַזעלכע נערוועזן צופּעַנדע און מוח טריקענדע באַשעפטיגונגען, ווי ביי דער אידישער; אַז ביי קיין פאָלק אין דער וועלט איז ניטאָ אַזאַ פּראָפּאָרציאָנעל־נישטיגער פּראָצענט פון אַגריקולטורע־לער פאָלקס־באַשעפטיגונג, וואָס סטימוליזירט דעם נאַציאָנאַ־לען קערפּער, פרישט אים אָב און גיסט אים אָן מיט רייען לע־בען, ווי ביי דעם אידישען. און צוליב דעם אליין האָט געמוזט,

מוז און וועט מוזען, דורך די בלינדע אָבער ווייטזעהענדע געזעצען פון ענטוויקלונג. ווייטער אָנגעהן דער פּראָצעס פון סטיכישער ענטוויקלונג פון דער אידישער „זומער רעזאָרט ביזנעס". איך באגרייף עס און פיהל עס אינסטינקטיוו נאָך מעהר ווי באַגרייף, גיב אַלעס צו און שטים איין, און דאָך קען איך זיך ניט באַרוהיגען, קען ניט שליסען קיין פרידען מיט דעם ביטערען געדאַנק, קען ניט גלייכגילטיג צוזעהן דעם כאַאָטישען צושטאַנד, די בלוטיגע ענטוויקלונג, דעם גאַנצען מישמאַש פון וואַקכאַנאַליע און הפקרות, פון שטילע ליידען און טיפע יסורים, מיט וועלכע עס איז ווי אָנגעזאַפּט און דורכגעווייקט דיזע גאַנצע טרויעריגע באַוועגונג פון דער אידישער האָטעלקיפּעריי.

ניין, מען דאַרף אליין אַ האָטעלקיפּער זיין, אליין אין דער מיטען שטיין, אויף די אייגענע פּלייצעס איהר איבערמענשליכע מאַסע טראָגען, מיט דער אייגענער נשמה איהרע בלוטיגע שמיץ אויפנעמען, אַליין אַ מענש מיט הארץ, אַ מענש מיט נשמה זיין, מיט א געפיהל פון נאַציאָנאַלער אחריות, פון איינגעבוירענעם שטאָלץ און זעלבסטרעספּעקט אום דיזען גאַנצען שרעק צו באַגרייפען, דערפיהלען עס אין זיין גאַנצען עלענד, דערפיהלען ביז צו וועהטאג און פאַרצווייפלונג.

די אידישע זומער האָטעלקיפּעריי אין אַמעריקע — וואָס איז זי? ווער האָט איהר פּלאַן געצייכענט? ווער האָט איהר ריכטונג געגעבען און לויט וועלכע אידעאַלען און פאַרשריפטען וועט זי פאַרווירקליכט?... פונקט ווי עס איז גאָר מעגליך צו געבען אַן ענטפער, פונקט ווי דאָס וואָלט גאָר פרעטענדירט

אויף וועלכער ניט איז ריכטונג, אויף וועלכע ניט איז אידע־אַלען און באַשטרעבונגען!

און, גאָט מיינער! דאָך איבער אַ 100 מיליאָן דאָלאַר איז אין דעם אריינגעלייגט געוואָרען, אַ ריזיגע סומע, וואָס וואָלט אַן אַלט־ניי לאַנד געשאַפען, אַ פאָלק פון אַרמוט און פינסטער־ניש אַרויסגעפירט, נייע קולטורען און נייע ווערטהען געשאַפען. דאָס איז דאָך כמעט דער נאַציאָנאַלער ווערטה פון אַ גאַנצען אַגריקולטורעלען שטאַאַט מיט זיינע ריזיגע מעגליכ־קייטען, מיט זיין שטענדיגער באַשעפטיגונג, מיט זיין געזונ־טער אַטמאָספערע פון אַ פעסטען באָדען, מיט זיין קולטורעל־געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, אַלגעמיינעם איינפלוס און אונענדליכע ווייטערדיגע ווירקונגען.

און וואָס האָט אונז די האָטעלקיפעריי געגעבען — אפשר אַנגעזאַמעלטען רייכטהום? אפשר בארוהיגטע שטאַרקע נער־ווען? אפשר די צופרידענהייט און גליק פון נייעם שאַפען? אפשר די באַוואוסטזיניגקייט פון נוצליכער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט אָדער אפשר כאָטש די האָפנונג און אויסזיכט פאַר אַ גלאָררייכער צוקונפט און עקאָנאָמישען אָנהאַלט? אַך, גאָט מיינער! ווען מען זאָל כאָטש קאָנען אַזוי צוזאַמענ־סקריטשען מיט די ציין, אַז די קינבאַקען זאָלען פלאַצען, אפשר וואָלט דאַן אַביסעל לייכטער געוואָרען אויפן האַרצען.

דאָס איז דאָך, אידען, אַ גיהנום, אַ גיהנום אויף דער וועלט, אן אָפקומעניש פאַר איינעמס זינד און פאַרברעכענס, פאַר חטאים באַגאַנגענע און אפילו ניט געאהנטע. דאָס איז דאָך דער גרויל און שרעק פון די אין דעם פאַרזונקענע מיט לייב און זעלע, מיט אייגען האָב און פרעמדען גוטס, מיט

ווייב און קינד, מיט גוף און נשמה, פארזונקען און פארפלאָנ־טערט אָן א פרייען אויסוואַל, אָן אַ וועג צוריק, אָן אַ שטעג פאַראויס, פאַרצווייפעלט און האָפנונגסלאָז ביז די פאַטאַלע שטונדע שלאָגט און די ברייטע סטריט אומאַרמט אים אַ באַנקראָטירטען, אויסגעשפיגענעם און צומאַלענעם, מאַכענ־דיג פלאַץ פאַר נייע קרבנות, אומשולדיגע קרבנות פון גייציג־קייט, שווינדעל און פאָלקס־טאַפעניש אין עקאָנאָמישען חושך.

אַך, דו בייזער טייוועל, ווער האָט דיך, עס אויסגעטראַכט און אויף אונזער קאָפּ אַרויפגעזעצט? דו האָסט מעהר אידיש בלוט געזויגט און מענשליך ווירדע אין קויט געטראָטען, ווי יעדע אַנדערע אידיש־געזעלשאַפטליכע מכה, מיט דעם דזשעז־טראָמפּייט אין דיין בלוטיגער האַנד, מיט דער היהנער־פאָלקע אין דיין זשעדנעם מויל, מיט דעם וואולגאַרען שמייכעל אויף דיינע פעטע ליפּען, מיט דעם ברען פון דיין ליבעס־לוסט און פרעכען טאַנץ!

ליבערשט וואָלט איך שטיינער אין אַ טרוקען הייסען מדבר פאַר אַ שטיקעל ברויט אַ טרוקענעם געהאַקט, ווי דער אומ־באַגרעניצטער הערשער פון דיינע אַלע רייכטימער זיין. ווי פיעל בלוט און ליידען, ערנידערונג און שאַנדע האָסטו מיר אין מיין לעבען, ווי אין די לעבענס פון טויזענדער אַנדערע, מיט זיך געבראַכט, עס פאַרסם'ט און פאַרמיאוסט.

די ריזיגע אינוועסטמענטס פאַר געציילטע בלויז וואָכען אַ שפּילצייג אין די הענד פון בייזען וועטער, מיט'ן געפּילדער פון סמבטיון אין און אַרום אייך, מיט די אייביגע זאָרגען פון מאָרטגיידזשעס און טעקסעס, פון אינטערעסט און אינשורענס, פון ליגען און פון דישעס, מיט דעם גאַנצען גיהנום פון דער

העלפ פּראָבלעם, מיט דעם גרויסען אָפּקומעניש פון יעדען גאַסט'ס קאַפּריז און משוגעת, אָן אַ טאָג און אָן אַ נאַכט, אָן אַ פּריוואַטער היים און אָן אן אייגען ווינקעל, אַ האַר און אַ קנעכט, אַ האָסט און אַ פּאַיאַץ, אַ קלאַס פאַר זיך אַליין, ניט קיין חיה און ניט קיין מענש, עפּעס אן אָפּקומעניש און שטראָף פון גאָט און אַ גלגול אין עולם התוהו, מיט איין וואָרט — אן אייגענטימער פון אַ אידישען זומער־האָטעל. מיט דער געוואַלדיגער קאָנקורענץ, מיטן אייביגען אַריבערשטייגען איינער דעם צווייטען, מיט דער אייביגער מלחמה פאַר משה־מענדעלס שמייכעל און פאַר חיה־שרה'קעס לייטזעליגקייט, מיט די שאַבלאָנע מאַק־מערידזשעס, מיט דזשעז־טענער, מיט דער גאַנצער געשמאַקלאָזיגקייט פון וואולגאַרע פּאַראַדיעס אויף אַלערליי קונסטען, טאַנץ, געזאַנג און אינסטרומענט אַריינגערעכענט.

און אַלץ צוליב וואָס? צוליב אַ ניט זיכערען מאָרגען און אַ גיהנום'דיגען היינט.

מיט 50 סענט אויפן דאָלאר קענט איהר דיזע גאַנצע גלאָררייכע מלוכה אויסקויפען, מיט 50 סענט אויפן דאָלאר, זאָג איך, און נאָך אַ גוטען קאָמישאָן דערביי פון דער זייט צו מאַכען.

און פון ערפאַרונג רייד איך עס, פון ביטערער ערפאַרונג, מיט בלוט און שוים אויף די ליפּען רייד איך עס; רייד איך פאַר זיך זעלבסט, אי פאַר אַנדערע, פאַר פולע 99 פּראָצענט פון דיזער פאַרפלוכטער באַשעפטיגונג, רייד איך צו אייך.

אפשר וואָלטען זיך די שעפס און די קעכינס, די ווייטערס און די טשעמבער־מיידס, די בעקערס און די סאַלאַד־לייט, די

בעלל־באָיס און די טעקסי־דרייווערס, די פּראָוויאַנטגעשעפטען און אָטאָמאָבילמאַגנאַטען, די עמפּלאָימענט אָפיסעס און רייל־ראָוד קאָמפּאַניס, אַפילו די בוטשער־באָיס און דיש־וואַשערס ניט אַזוי לייכט פאַנאַנדערשיידען זיך מיט זייערע פעטלאכע ביסענס, מיט דעם גרויסען קוואַל פון זייער פּרנסה, די אייגענ־טימער זעלבסט אָבער — זיי וואָלטען מיט דאַנק און תפילה אויפגענומען יעדע ערשיינונג, וואָס וואָלט מיט זיך אן ענדע צו זייערע ליידען געמאַכט, וואָס וואָלט זיי צוריק אויף זייערע פיס געשטעלט ערגעץ אויסערהאַלב דעם פאַרשאָלטענעם קרייז פון דיזער פינסטערער מלוכה פון דער אידישער האָטעל־קיפּעריי.

לייענט דורך די אדווערטייזמענטס אין די פּייפּערס, קוקט דורך די לאַנגע צעטלען פון אַלע ריעל עסטייט אָפיסעס, די קאָורט פּראָצעסען און פאַרקלאָזשורס, די נייע נעמען און נייע מענעדזשמענטס אַ יעדען טאָג, לייענט און פארשטייט. רעדט ניט מיט די אייגענטימער, ווי קליין אָדער גרויס זיי זאָלען ניט זיין. רעדט ניט צו זיי אַליין, איך צווייפעל אויב איהר וועט פון זיי דעם אמת דערגעהן. זיי דיינקען אין אייך אַ קאָסטאָמער צו קריגען, אָדער אן אַגענט אָדער דער טייוועל ווייס דאָרט וואָס. דעם אמת אָבער וועט איהר פון זיי ניט דערגעהן, אָדער זיי מאַכען נאָך סתם ערשט דורך דעם האָנימון פון זייער ביזנעס ערפאַהרונג, איידער דער טאָג פון גרויסען קאַצעניאמער קומט אָן. און אַלע צוגלייך פאַרשווייגען זיי דעם אמת, סקריטשען מיט די פאַרקלעמטע ציינער און וואַר־טען אויף אַ נס, אַ נס — אַז נאָך אַ מלחמה זאָל אויסברעכען, אַז קולידזשעס פּראָספּעריטי חלומות זאָלען אויפן וואָהר

מקויים ווערען, אז די גאנצע שטויב פון סאכארא און די ברענענדע היץ פון סמבטיון, אדער כ'וויים אליין ניט וואס, זאל גאט אויף אייך אנשיקען און איהר זאלט מוזען מיט ווייב און ציג, מיט קינד און קייט אין קאנטרי פארען. אדער אז אלע האטעלס זאלען ווי דורך א נס אונטערגעהן און זיינער זאל אלס איינציגער פארבלייבען, אדער אז יעדער שניידערל זאל ווערען א קלאוק מאנופעקטשורער, יעדער קארפענטער א סקיי סקרייפ בילדער, יעדער בטלן און מלמד א באריםטער פילאזאף און ווירדיגער כלל טוער, און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער אן א סוף און אן אן עק... און ער פארגעסט גאר, דער שלים מזל, אז דאן ערשט וואלט ער צעהן איילען טיף אין דער ערד געלעגען, ווייל זיי וואלטען אין זיינע ד״ אמות ניט אריינגעטראטען, וואלטען שנעלער אלע גויאישע האטעלס אנגעפילט להכעיס דעם גוי, דעם הונט און דעם פעדלער און דער עיקר וואו ער וואלט געדיינקט אז מען וועט אים ניט דערקענען, ניט דערשמעקען דעם שוויים פון דעם נעכטיגען רעג־פעדלער, וואו ער וואלט געקענט אומגעשטערט שפילען די גרויסע פורטשע און זיין מאדאם מאיעסטעטיש פון זיך בלאזען.

יע, אט דאס איז די לאגע פון אידישער האטעלקיפעריי.

## וועגן גאָרטענשטעט און קאָאָפּעראַטיוו־קאָמוניסטישע קאָלאָניעס

איידער מיר וועלען איבערגעהן צו דער ווייטערדיגער באטראכטונג פון וועגען און מיטלען פאַר דער פּראַקטישער לייזונג פון דער אָנעגוועהטאָגטער פראַגע פון אידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע, וועלען מיר זיך מוזען אָפּשטעלען אויף דעם אַנאַליז פון איניגע טענדענצען און עקספּערימנטען וואָס באַשעפטיגען פילע מוחות פון דער אידישער גאַס. אָנצייגען זייערע שוואַכע פּונקטען און פאַרפיהרערישען עלעמענט און ווארום אייגענטליך זיי וועלען קיינמאָל ניט קענען ברייננגען קיין לייזונג צו דער אָנגעוועהטאָגטער פראַגע פון אידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע. איך מיין די אידעעס וועגען גאָרטענשטעט און קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, איבערהויפּט ווי זיי ווערען אָנגענומען און אויסגעטייטשט אין אונזער אידישער גאַס.

די גאָרטענשטאָט, אייגענטליך די אידעע פון בויען פאַרם־היימען ניט ווייט פון אַ שטאָט צום וואוינען און פאַר אַ לעבען מאַכען טאַקע ארבייטען אין דיזער שטאָט, — איז אַ פרומער וואונש וואָס קען ניט פאַרווירקליכט ווערען צוליב דעם פּשוט׳סטען טעם, וואָס לעת־עתה איז דאָס די פּריווילעגיע פון די רייכע קלאַסען און אַפילו פאַר זיי ניט אַלע מאָל בעקוועם. איין קליינינקייט, דער לוקסוס פון לעבען אין קאָנטרי און אַרבייטען אין שטאָט! אין דער דורכשניטליכער פאַמיליע

איז דאָ כמעט אימער פון צוויי ביז דריי מיטגלידער וואָס אָדער זיי ארבייטען אין שטאָט, אָדער געהען אין סקול און קאלעדזשעס, אַזוי אַז די קאָסט פון טראנספּאָרטיישאן און פאַרלוסט פון צייט אין אַרומפאָרען וואָלטען אויפגעגעסען יעדען סענט פון סייווינג און ענדלאך אַזוי דערעסען, אַז די „קאָנטרי" וואָלט ניט איינגעהן; און אַפילו אַז מיר וועלען זאָגען אַז מען קען קריגען לאַנד אויף דירעקטע טראַנספּאָרט פאַרבינדונגען און נאָהענטער שכנה'שאַפט צו דער שטאָט, וועט אָבער דער הויכער קאָסט פון דער שטיקעל ערד און פון דער הויז מיט די מאָדערנע איינריכטונגען אריינזאָגען אין אַזעלכע הויכע קאָסטען פון רענט, אַז בלויז אַ זעהר פריווילע־גירטער קלאַס פון ארבייטער און פּראָפעסיאָנאַלען וואָלטען זיך געקענט ערלויבען דיזען לוקסוס. איז ערשטענס, נויטיגען זיך די פאַרמעגליכע קלאַסען אין קיינעמס פלענער ניט, זיי גיבען זיך שוין ווי עס איז אליין אן עצה. צווייטענס, זיינען מיר אין זיי בכלל ניט פאַראינטערעסירט, און דריטענס, האָט עס גאָר קיין שייכות ניט מיט דער אידישער פאַרם־פּראַגע. דערנאָך וואונדערען זיך נאָך מאַנכע, אַפילו ערנסטע אָבער דאָך זעהר אונפּראַקטישע, טרוימער פאַר וואָס מען וויל זיי קיין מאָרטגיידזשעס ניט געבען אויף אַזאַ דוכט זיך זיכערער און נאָבעלער אונטערנעמונג. פאַרשטעהט, די נאָבעלקייט זיינען זיי אייך סתם מוחל — די מאָרטגיידזשירס מיין איך, און קיין פּראַקטישער פאַרשטאַנד און איבערהויפּט ערפאַרונג פעהלט זיי אויך ניט. זיי וויסען גאַנץ גוט, אַז די רענט פון אַזאַ הויז איז איבער די מעגליכקייטען פון דעם דורכ־שניטליכען אַרבייטער, און אַזוי ווי קיין אַנדערע איינקינפטע

וועלען די הייזער ניט האָבען, איז איידער דער האַנימון פון דער נאָבעלער אידעע וועט זיין פאראיבער. וועלען זיך אָנ־פאַנגען פאָרקלאָזשורס פאַר טעקסעס, פאַר אינטערעסט און פאַר צאָהלונגען אויפן פרינסיפאַל. דאָס איז דאָך אייגענטליך אַ דעוועלאָפּמענט פּלאַן פון אַ ריעל עסטייט אונטערנעמונג. דאַרף מען דאָך זעהען וועד די קויפערס זיינען און צי זיינען זיי אימשטאַנד אויסצוהאַלטען אַזוינע היימען; און דאָס איז טאַקע לחלוטין אונמעגליך.

איי, די מעשה פון זייען אן אייגענעם בוראַק און ארויס־שלעפּען אַ פאַרטיגע מער, כאַפּען אן אייגען עוף אויף שבת און אויפּעסען אַ פּאָר סמעיאַטקע עגגס פון נעסט אַרויס, אָדער קוויקען זיך מיט אַ היינגעל רייפע וויינטרויבען אין אַ שעהנעם הערבסט טאָג אין אַ גרינער „בעסעדקע“, איז אַפּילו ניטאָ וואָס צו זאָגען, אַ שעהנע אידיליע און צויבערהאַפטער טרוים. אין פּראַקטישען לעבען, מיין ליבער פריינד, איז עס אָבער אַזאַ מין פּוסטער חלום, וואָס האָט שוין ניט איין פאַנטאַזיאָר ווי אַ פאָמוניצע קאַלטע וואַסער אָפּגעפרישט.

און דו וואָלסט, מיין ליבער טרוימער, אויך שנעל אויס־געפונען אַז דיין בוראַק וואָלט רויט געווען פון דיין אייגען בלוט, דיין מערעלע וואָלט פאַרמערט די צאָל פון דיינע בילס, דיין אייגען עוף וואָלט דיך געקאָסט טייערער פון שלמה המלך׳ס געשטאָפּטע קאָפּ־העהנער, און עגגס... וועל, אויב דו וואָלסט שוין יע אַמאָל געזעהן אן איי אין די אויגען, איז איידער דו וואָלסט צייט געהאַט מאַכען איבער איר אַ ברכה, וואָלטען אים שעריפס אַטעטשט.

אַזוי, אַז אויב גאָט האָט אייך מצליח געווען און נאָך אַ

צוואַנציג יאָהר אָפּאַרבייטען אָדער קרעמעריי האָט איהר באַוויזען די גרויסע קונץ פון בלייבען לעבען און נאָך אָפּשפּאָרען אַ פּאָר דאָלאר און איהר ווילט זיי פּראַקטיש פאַרנוצען — איז אָדער האַלט זיי אין אַ סייווינגס באַנק אויף צאָלען רענט אין העסטער סטריט, וועט איהר זיכער זיין מיט אַ היים, אָדער פאַרברויכט עס אויפ'ן מעהר פּראַקטישען צוועק פון בויען מאָדערנע קאָאָפּעראַטיווע היימען אין שטאָט. כ'לעבען געזונטער, פּראַקטישער און נוצליכער. און אויב איהר וועט נאָר האָבען מיט וואָס צו צאָלען, וועלען שוין אייך פאַרמער, אמת'ע פאַרמער צושטעלען דאָס בעסטע און פרישסטע, אפילו פון פייגעלמילך, פאַר העלפט דעם פּרייז, וואָס עס וואָלט אייך זעלבסט געקאָסט צו פּראָדוצירען.

און קומען מיר צו דער פראַגע פון קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, איז אַן און פאַר זיך די אידעע אפשר אַ גאַנץ געזונטע, מ'קען זאָגען א באמת הערליכע. ביידע זאַכען — אי טיפּזיניג, אי ברייטהאַרציג. איז אָבער די צרה, וואָס עס פעהלט לעת עתה דער זין און די האַרץ באַ די מייסטע מענשען -קינדער, און ווי באצויבערנד און פיל פאַרשפּרעכענד דאָס זאָל ניט זיין אין דער טעאָריע, — אין פּראַקטישען לעבען לאָזט זיך עס אימער עפּעס אויס מיט אַזאַ מין מיאוסען דורכפאַל און קראַך אַז מען קען קיינמאָל צו זיך ניט קומען פאַר איבערראַשונג און שטוינען. די צרה איז וואָס מען פאַרגעסט, אַז עס איז לייכטער בעאיינפלוסען איינעמס געדאַנק, ווי זיין האַרץ און ווילען איבערצומאַכען, און אַז די גאַנצע פּסיכאָלאָגיע און באַציהונג פון מענש צו מענש, פון דעם יחיד צו דער פאַמיליע, צום שטאַאַט, צו דער סביבה און דער עיקר — צו זיך זעלבסט

וועלען מוזען דורכגעהן דורך אַ גרויסען לאַנגען פעריאָד פון ספּעציעלער דערציהונג. וואָס וועט אפשר מיט דער צייט מעגליך מאַכען ערפאָלגרייכע קאָמונאַלע פאָרמען פון צוזאַמענלעבען און פון פראָדוקטיווער האַרמאָניע. אָבער לעת עתה... אין פראַקטישען געזונטען פאָלקס־לעבען יעצט צו טאָג, איז עס אַ הונדערט פראָצענטיגער דורכפאַל. עפּעס פעהלט נאָך דעם בחיר היצורים, דעם אויסערוועהלטען פון אַלע באַשעפענישען, עפּעס אזוינס וואָס דערלאָזט אים ניט זיך צוזאַמענלעבען אין סטאַדעס. דער טייוועל ווייס עס, צי ער איז עס איבערגעוואַקסען, צי ניט דערוואַקסען צום סטאַדע געפיהל. און אפשר איז ער ערשט אין זיין ענטוויקלונגס פּראָצעס פון אינסטינקטיווען סטאַדע געפיהל, צום באַוואוסטזיניגען קאָמיוניאַלען פּרינציפּ דורך אַ שווערען פּראָצעס פון אינדיווידואַליסטישער ענטוויקלונג. דערווייל אָבער איז עס נאָך אויף גוטע צרות, אָבוואָל עפּעס איז דאָ אין דעם אַ געוויסע שעהנהייט, אַ געוויסער צויבער, דער דראַנג פון מאַכט, דער ריטם פון פאַראייניגטער אַקציע און געמיינזאַם שאַפען.

וואָס זשע פאָרט, וועלכע וועגען און מיטלען קענען און זאָלען דאָך אָנגענומען ווערען פאַר דער פאַרווירקליכונג פון דיזער פּראָבלעם? — וועגען דעם אין די נעקסטע קאַפּיטלען.

# דער פּלאַן.

עס איז אַפּילו אמת, אַז פּאַרטיגע פאָרמס קאָסטען שטענ־
דיג אַם ביליגסטען. עס זיינען דאָ איינפאַך טויזענדער פאַרמס
צום קויפען פאַר איין דריטעל פון זייער אמת'ען ווערטה, ווען
מען נעמט אין אנבאטראכט דעם באזונדערען ווערטה פון דעם
באָדען, דעם קאָסט פון אויפשטעלען די פאַרשידענע געביי־
דעס, דעם גאַנצען לעבעדיגען און טויטען אינווענטאַר, ווי
אויך די ווערטה פון די פאַרטיגע קראַפּס וואָס געהען געוועהנ־
ליך צוזאַמען מיט דער קניה. וואָרים אין דורכשניט, זיינען
די פאַרמס אַלט אַ היבש ביסעל יאָהרען, די הייזער, די
שטאַלען און אַלע איבריגע געביידעס זיינען געבויט געוואָרען
מיט יאָהרען צוריק אונטער גאַנץ אַנדערע געזעלשאַפטליכע
און עקאָנאָמישע באַדינגונגען און אומשטענדען; דאַן, ווען
מאַטעריאַלען האָבען נאָך געקאָסט אַ העלפט און אַרבייט נאָך
ווייניגער פון אַ דריטעל; די לעבעדיגע סטאַק האָט מען אויס־
געהאָדעוועט אַליין, די געצייג און מאַשינען זיינען געקויפט
געוואָרען מיט דער לויף פון דער צייט. דאָך איז עס אַלץ אַ
צרה'דיגער ענטפער און צייגט בלויז אמקלאָרסטען די טרויע־
ריגקייט פון דער פאַרמערשער לאַגע, ווייל פאַרמינג אין אַל־
געמיין ווערט באַ יעצטיגען טאָג און אונטער די יעצטיגע אומ־
שטענדען באַטראַכט אַלס ניט גוט צאָהלענדע ביזנעס, שאַפט
ניט קיין באַקוועמען לעבען און עס זיינען דאַ אימער הונדער־

טער פאַרמס צום פאַרקויפען קעגען אן איינציגען סוחר צום קויפען.

פון דיזען שטאַנדפונקט וואָלט זיך כמעט אימער בעסער באַצאָלט צו קויפען אַ פאַרטיגע פאַרם, און איינצעלנע מענשען קענען אויסגעצייכענט גוט אויסנוצען פילע געלעגענ־הייטען. און אַפילו קעש פאָדערט זיך אויך אויף אַ פאַרטיגער פאַרם פיעל וויניגער, ווייל דער פאַרקויפער נעמט אַליין די מאָרטגיידזשעס מיט אַ קליינעם קעש איינצאָל — א ברירה האָט ער? די צרה איז נאָר, וואָס די מייסטע פאַרמס זיינען באַ זייער גרעסטען באַרגיין דאָך אַ קליינער גליק, פיל מאָל — אן איינפאַכער אומגליק. מערסטענטייל זיינען דיזע פאַרמס פאַרוואָרפען פון גוטע סטייט ראָודס, און דאָס איז איינע פון די ערשטע און גרעסטע אומגליקען אין דעם פאַרם לעבען, ווי פון אַ ביזנעסשטאַנדפונקט, אַזוי אויך געזעלשאַפטליך. דאַן זיינען די הייזער אָן וועלכע ניט איז אימפּרואוומענטס און נאַטירליכע באַקוועמליכקייטען צום לעבען, אַלטמאָדיש און ניט פראַקטיש געבויט. איז ביז איהר מאַכט פון דעם אַ באַקוועמע היים, וועט דאָס שוין אַריינטרייבען אין מעהר ווי גענוג און וועט ערשט קיינמאָל ניט זיין דאָס, וואָס אן איינ־פאַכע קליינע, מאָדערנע היים דאַרף זיין. די שטאַלען און איבריגע געביידעס זיינען אין די מייסטע פעלע אַלט, ניט פראַקטיש און ניט סאַניטאַריש געבויט. די באַנייאונג און אויסבעסערונגען קאָסטען אָפּ אַ פאַרמעגען און איהר וועט ערשט קיינמאָל ניט האָבען דאָס וואָס איהר האָט געדאַרפט. דאָס קאָסט ווייטער געלד און גענוג אויך. די מאַשינען און די איבריגע געצייג זיינען אין די מייסטע פעלע אויך אַלט־

מאָדיש, אויסגעאַרבייט און פאַרראָסטעט פון עלטער און שלעכטען האַלטען. דער לעבעדיגער סטאָק, קיה און עופות, זיינען אין די מערסטע פעלע פון געמיינער קוואַליטעט, שלעכטע פראָדוצירער און נאָך אין צוגאָב אָנגעלאָדען מיט אַלערליי קראַנקהייטען. דער ערשטער אָנפאַנג פון ענדליכען דורכפאַל. אַזוי, אַז אַרום און אַרום, ביז וואַנען איהר ווערט פאַרטיג מיט די אַלע אויסבעסערונגען, איז שוין אויס באַרגיין, איהר זיינט אין צוגאָב איינגעטונקט אין חובות פון קאָפּ ביז די פיס, זיינט שוין אַ קאַנדידאַט אויפ'ן באַנקראָט ליסט, אָדער אויפ'ן פאַרקויף צעטעל און וועט שוין קיינמאָל ניט אימשטאַנד זיין אַרויסצוקריגען אייער אייגען און פרעמד אינוועסטעד געלד.

און טאָמער קריגט איהר שוין יע דעם פרייז — וועט עס זיין מאָרטגיידזש-פּאַפּיר, וואָס אין די מעהרסטע פעלע האָט עס די ווערטה ניט מעהר פון פּאַפּיר. ס'ווענדט זיך אינגאַנצען אָן דער אַרבייטס-פעהיגקייט און גרויס פון דעם קויפערס פאַמיליע און זייער גרייטקייט אָפּצואַרבייטען אַ לעבען אויף מאָרטגיידזשעס. מאַכט איהר ווידער קיינע אימפּרואוומענטס און לאָזט אַלעס געהן מיט'ן אַלטען גאַנג, איז אויך אַז אַך און וועה צו דער פאַרם, צו דער פאַמיליע און צו די גאַנצע גליקען, וואָס שטעהען אייך פאָר.

ווען מען זאָל אָבער נעמען גרויסע שטרעקען לאַנד פון עטליכע טויזענד אַקער אין איין טרעקט, צושניידען עס אין קלענערע פאַרמס לויט דער צווייג פון פאַרמינג, דער גרויס פון דער פאַמיליע און איהר קאַפּיטאַל, בויען שפּאָגעל נייע היימען מיט אַלע מאָדערנע אימפּרואוומענטס, מיט נייע שטאַלען און איבריגע געביידעס, צוגעפּאַסט צו דער גרויס

און באַדערפנישען פון די באַטרעפענדע פאַרמס און אַזוי אויך מיט'ן לעבעדיגען סטאַק און טויטען אינווענטאַר, געקויפט לכתחילה פון דאָס בעסטע און אַם מעהרסטען צוגעפּאַסט. דאָס קויף פון דעם לאַנד, דער גאַנצער בילדינג פּראָגראַם, דער סטאַק און אינווענטאַר, ווי אַלעם איבריגעס, זאָל גע־קויפט און געטאָן ווערען אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב פון עקס־פּערטען, אָן פּראָפּיטען, אויף אַ פּראַקטישען אינדיווידועל־קאָאָפּעראַטיווען אופן, וואָלט עס אַם ענדע קאָסטען ביליגער פון די אַלטע באַרגיינס, און דער עיקר, וואָס דאָס גיט אַ גע־לעגענהייט אָנצופּאַנגען אַלעם אין דעם ריכטיגען וועג אויף נייע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפּטליכע יסודות, מיט דער הילף פון אַ געדונגענעם עקספּערט און פאַכמאַן, וועלכער זאָל זיין אַ געענדיגטער פון אַן אַגריקולטורעלען קאָלעדזש, אַ מענש פון ברייטען וויסען און פּראַקטישען פאַרשטאַנד מיט ביזנעס פעהיגקייטען און געניגענדער ערפאַרונג. ער וואָלט אונטער דעם קאָנטראָל און מיט דער הילף פון אַ באָארד אוו דירעק־טאָרס פון דער קאָלאָניע זעלבסט אָנפירען מיט די אַלע אַנגע־לעגענהייטען פון דער קאָלאָניע, זיין איהר פּראָדוקציאָנס־עקספּערט און ביזנעס מענעדזשער. דאָס וואָלט זיך אַרויסגע־ציינט צו זיין פון אומגעהייערער וויכטיגקייט און וואָלט רעוואָלוציאָניזירט די גאַנצע פאַרם־וועלט. דאָס וואָלט אריינ־געפירט די פּראָדוקציאָנס־עפישענסי און ביזנעס־מעטאָדען פון גרויס קאַפּיטאַל אין דער פאַראיינצעלטער אינדיווידועלער פאַרם־יוניט — דער אידעאַל פון דער צוקונפט.

די קלענסטע קאָלאָניע פון אַ וואָסערע פופציג בלויז פאַר־מערס וואָלט געווען אימשטאַנד אויסצוהאַלטען אַזאַ עקס־

פערט. לאָמיר זאָגען, אַז אַזאַ מאַן דאַרף קאָסטען עטליכע טויזענד דאָלאר אַ יאָהר, האָט זיין אייגען היים אין דער קאָלאָניע, לעבט אַ געזונטען נאָרמאַלען לעבען מיט זיין פאַמיליע אויף דער שויס פון דער נאַטור, איז באַשעפטיגט באַ אַן אינטערעסאַנטער נוצליכער אַרבייט פון אַ געזעלשאַפטליכען ווערטה און כאַראַקטער און מאַכט דערביי אַ פיינעם לעבען — אָסור מיר, אויב ניט פיל בעסער פון פילע לאָאָ און מעדיצין פראָפעסיעס. פאַר'ן פאַרמער זעלבסט — איז דאָך אָפּגערעדט. דאָס וואָלט געווען פון גרעסטען גליק. די אויסגאַבען וואָלטען ניט באַטראָפען מעהר פון איין פראָצענט פון די אַלע געקויפטע, געשאַפענע און פאַרקויפטע פראָדוקטען און מאַטעריאַלען, און דעם פאַרמער וואָלט עס אַריינגעבראַכט הונדערטער פראָצענטען מעהר פראָפיט. דאָס וואָלט אגב געעפענט אַ ברייטע פעלד פאַר נייע אינטעליגענטע נוצליכע פראָפעסיעס, וואָלט געשאַפען אַ דאַנקבאַרען באָדען פאַר'ן עהרליכען כלל-טוער, פאַר'ן רייכען און שאַפענדען אינטעלעקט. דיזע סיסטעם פון גרופען-פאַרמינג, אונטער פלאַנמעסיגער מענעדזשמענט, וואָלט ניט נאָר געלייזט די גאַנץ פאַרפלאָנטערטע פאַרמינג פראָבלעם, זי וואָלט צוגלייך אויך געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ נייער געזונטערער און מעהר גערעכטער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג אין אַלגעמיין. וואָרים די צושפּליטערונג און פולסטע אונאבהענגיגקייט פון יעדער פאַרם-יוניט אין דעם קויף, פראָדוקציאָן און פאַרקויף פון די מאַטעריאַלען און פראָדוקטען, ווי דער דיסאָרגאַניזירטער קויף און פאַרקויף פון די פאַרמס זעלבסט, איז ניט נאָר איין אומגליק פאַר'ן פאַרמער, דאָס איז די קלאָג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

מיר וועלען זיך מוזען אויפהויבען העכער פון אַלטעגליכען אַרט דענקען און פיהלען און פאַר איין וויילע בלויז באַטראַכטען דיזע אומגעהייער ריזיגע פראָבלעם פון איהר אַלוועלטליך-עקאָנאָמישען און קולטורעל-געזעלשאַפטליכען שטאַנדפונקטען.

דער פאַרמער אַלס איינצעלנער אינדיווידואום, אָן דער הילף און מיטווירקונג פון גרויס קאַפּיטאַליסטישע און וויסענשאַפטליכע מעטאָדען, און דער עיקר, אָן געהעריגער אָרגאַניזאַציע — פּראָדוצירט זעהר ניט עקאָנאָמיש, אָן וועלכער ניט איז רעכנונג און קאָנטראָל — דער אָנפאַנג פון נאַציאָנאַלען אומגליק.

דאַן קריגט ער ניט גענוג באַצאָלט פאַר די שאַפונגען פון זיין אַרבייט, לעבט אָרים, אָבגעשטאַנען, פאַרבראויכט ניט אפילו קיין צעהנטייל פון דער שטאָטיגער פּראָדוקציע און איהר קולטור לויט דעם גרויסען צאָל זיינעם, פעהלט דערווייל די נאָכפראַגע און נויטווענדיגקייט פאַר ווייטערער פּראָדוקציע און ענטוויקלונג. וואַקסט דערווייל אַרבעטסלאָזיגקייט און קריזיס — אַ צווייטער נאַציאָנאַלער אומגליק — עקאָנאָמישער און גייסטיגער.

ווארים ווען די 30 מיליאָן פאַרמערס אין לאַנד וואָלטען וויסענשאַפטליך און עקאָנאָמיש מיט גרויס קאַפּיטאַליסטישער פּינקטליכקייט און שוואונג אָנגעפירט זייערע אַרבייטען, וואָלטען הונגער און נויט געמוזט פאַרשווינדען פון דעם פּנים פון דער ערד.

ווען די 30 מיליאָן פאַרמערס אין לאַנד וואָלטען געפירט אַן עקאָנאָמישען און קולטורעלען סטאַנדאַרד פון לעבען צו

גלייך מיט די שטאַטישע שיכטען פון דער באַפעלקערונג וואָלטען ניט נאָר אַלע רעדער פון לאַנד און שפינדלען פון די פאַבריקען, נאָר אויך די קאלעדזשעס פון וויסען און טעמפלען פון קונסט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זייער ענטוויקלונג. עס וואָלט זיך דאַן געשאַפען דער גלייכגעוויכט צווישען שטאָט און דאָרף, מיט גרויס קאַפּיטאַל אַלס דער באַראָמעטער און אָנצייגער צווישען די וואָגשאָלען.

און מיין פּלאַן וואָלט פיל דערצו געהאָלפען, ווייל גרופּען פאַרמינג אונטער פלאַנמעסיגער מענעדזשמענט וואָלט געהאָלפען אָרגאַניזירען די אינדיווידועלע פאַרמינג, אַוועקמאַכענדיג מיט די טויזענדער חסרונות איהרע, איינהאַלטענדיג בלויז אַלע איהרע מעלות און וואָלט געהאָלפען דעם פאַרמער שאַפען צו אַלערערשט פאַר'ן אייגענעם געברויך, ניט צושפּליטערענדיג זיך אין די פאַרשידענע פאַרצווייגונגען פון אַלגעמיינער פאַרמעריי, צו דער זעלבער צייט אָבער שאַפענדיג אויך ביליג און גענוג פאַר'ן אָפענעם מאַרק מיט דער פּראַקטישקייט און עפישענסי פון אַ הויך ענטוויקעלטער אינדוסטרי, אַ דאַנק דער סיסטעם פון ספּעציאַליזאַציע. וואָרים אפילו די פאַרביסענסטע געגנער גיבען צו אַז אַן און פאַר זיך איז קאָאָמוניזם אַ גערעכטע און פּראַקטישע אידעע פון הורטאָוועןשאַפען און פאַרברויך. דער אומגליק איז נאָר, וואָס דאָס נעמט אַוועק די איניציאַטיווע, די פרייד פון שאַפען, דעם אינטערעס און טרייבקראַפט פון פּריוואַט אייגענטום. און צי יע גערעכט, צי ניט גערעכט, צי דאָס וועט זיך מיט דער צייט אויסגלייכען אָדער ניט, צי דער מענש וועט זיך איבער־ערציהען אָדער די אידעען וועלען זיך ענדערען און צופּאַסען — איינס איז קלאָר,

אַז די דערוויילעגע לייזונג פון דער פראַגע ליגט אין דער שאַפונג פון אַ נייעם פּלאַן, באַ וועלכען די גרויסע נוצען פון קאָלעקטיווען שאַפען זאָלען ניט געהן געגען די אינטערעסען פון דעם אינדיווידועלען פּרינציפּ. און דאָס קאָן דערוויל ער־רייכט ווערען בלויז דורך דער קאָאָפּעראַציע פון אינדיווידו־אומען פאַר געמיינשאַפטליכע אינטערעסען, דורך געגענזיי־טיגער הילף פון דעם יחיד מיט דעם כלל אויף אַלע געביטען פון מענשליכען שאַפען אין שטאָט און אין דאָרף; מיט דער הילף פון וויסען, פון אָרגאַניזאַציע און מיט דער דינסט פון גרויס־קאַפּיטאַל אין בעסערען זין פון וואָרט. מיר שטעלען זיך יעצט אָפּ אויף דער פאָרם פראָבלעם, ווייל ערשטענס, האַלטען מיר עס אין פאַרהאַנדלען, צווייטענס, איז דאָס דער וויכטיגסטער, ווייל דער אָפּגעשטאַנענסטער טייל פון געזעל־שאַפטליכער סטרוקטור, און דריטענס, ווייל עס גיט זיך אַם־לייכסטען פאַר רעאָרגאַניזאַציע, אַ דאַנק טאַקע זיין ביזאַהע־ריגער אָפּגעשטאַנענקייט און נאָך ניט באַהערשטקייט פון גרויס־קאַפּיטאַל אין זיין וויכטיגסטען טייל — אין דער פּראָ־דוקציע. ער איז פאַרבליבען אונאבהענגיג און אינדיווידועל־שעפּעריש, — אַ געוואַלדיגער פאָרצוג געגען דיזעלבע מעגליכ־קייטען אין דער וועלט פון אַנדערע אינדוסטריען, וועלכע זיי־נען גענצליך באַהערשט געוואָרען פון גרויס קאַפּיטאַל אויך אין זייער פּראָדוקציע.

און לויט מיין מיינונג וואָלט דיזער פּלאַן פון גרופּען־פאַרמינג מיט פּלאַנמעסיגער אָרגאַניזאַציע שפּילען די גרויסע ראָל און ווערען אַן איינפאַכע ברכה ווי פאַר דעם פאַרמער זעלבסט, אַזוי אויך פאַר דער געזעלשאַפט, ווייל דאָס וואָלט

געגעבען די געלעגענהייט שאַפען פאַר׳ן אייגענעם געברויך און צו דערזעלבער צייט ספעציאַליזירען זיך בלויז אין איינצעלנע צווייגען פון פאַרמערײ. אונטער דיזער סיסטעם וואָלט מעג־ליך געווען איינאָרדענען אַזוי, אַז איין פאַרמער זאָל זיך אָפּ־געבען מיט איין צווייג פון פאַרמינג, דער צווייטער מיט אַן אַנדערן, אַ דריטער מיט נאָך אַן אַנדערן, און אַזוי ווייטער, און אַלע צוזאַמען זאָלען דאָך שאַפען איין איינהייטליכעס גאַנצעס, וואָס וואָלט צו דער זעלבער צייט געבראַכט אי די הויכע פּראָדוקציע פון ספעציאַליטעטען, אי די ברכה פון אונ־אבהענגיגקייט פון שאַפען צופאַלערערשט פאַר׳ן אייגענעם גע־ברויך מיט אַ פולען קאָנטראָל ביים קויף און פאַרקויף, ווי אויך באַ דער באַשטימונג פון דער מאָס פון דער פּראָדוקציע זעלבסט, אויסער דעם אומשעצבאַרען ווערטה איהרען פון אַ קולטורעל געזעלשאַפטליכען שטאַנדפּונקט.

לאָמיר עס יעצט קלאָרער באַטראַכטען. למשל, אַז איין פאַרמער זאָל זיך אָפּגעבען מיט רעיזען היי און קאָרן, אַ צווייטער — מיט דעירי, אַ דריטער — מיט פּאָלטרי, אַ פערטער — מיט וועדזשעטייבלס, אַ פינפטער — מיט פרוכט, אַ זעקסטער — מיט פאַרשידענע בעררים, בינען צוכט און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער, און אַפילו דיזע הויפּט צווייגען פון אַגרי־קולטור זאָל איינגעטיילט ווערען אין זייערע באַזונדערע פאַר־צווייגונגען, באַ וועלכער יעדער איינער גיט זיך אָפּ בלויז מיט איין באַשטימטען אַרטיקעל הויך־ספעציאַליזירט. דאָס שאַפט עפישענסי, וויסענשאַפטליכע מעטאָדען, גרעסערע פּראָדוקציע און בעסערע קוואַליטעט. דאָס וואָלט אויך ערמעגליכט אַ געוויסען קאָנטראָל פון דער פּראָדוקציע זעלבסט.

אויסער דעם, קומט אַ גאַנצע רייהע פון אַנדערע פאַר־צוגען ניט ווייניגער וויכטיגע: ווי די פראַגע פון קאָאָפּעראַ־טיווען קויף און פאַרקויף, די פאַרם אַרבייטער פראַגע, עפּי־שענסי אין מענעדזשמענט, קולטורעל־געזעלשאַפטליכע טע־טיגקייט און אַלגעמיינע בעסערע לעבענספאָרמען.

די אַרבייטס פראַגע. איך שטעל זיך אויף איהר אָפּ צו־ערשט, ווייל זי צייגט מיר אויס צו זיין אויב ניט די וויכטיג־סטע, איז זיכער די ביטערסטע און מעהר אָנגעוועהטאָגסטע. אַזש נאָך יעצט געהט מיר דורך אַ קעלט איבערן לייב, ווען איך דערמאָן זיך אָן די פילע צרות, וואָס אונז איז אויסגעקומען אויסצושטעהן פון דיזער פאַרפלוכטער פאַרם־אַרבייטער פראַ־גע. איהר, שטאָט לייט, ווייסט גאָרניט מיט וואָס מען עסט דאָס. דאָס איז א מכה שלא כתובה בתורה, און וואָס קיין שטאָטיגער ביזנעסמאַן לײדט ניט פון איהר. דאָס איז אַ ספּע־ציעל פאַרמערשע פּלאָג וואָס האָט שוין ניט איין פאַרמער שיר ניט פון זינען געטריבען און ענדליך פון פאַרם פאַריאָגט. איהר, שטאָטיגע ביזנעסלייט, האָט בלויז די זאָרג פון קריגען דעם קאַפּיטאַל פאַר ביזנעס, פאַר קריגען אָן אָפּזאַץ פאַר אייערע פּראָדוקטען, די פּראָדוקציע זעלבסט — איז אייער לעצטע זאָרג. איהר דאַרפט געוועהנליך פאַרשטעהן אייער פאַך און אויב ניט, איז אויך קיין אומגליק ניט. אויב איהר פאַרשטייט נאָר ווי באַוואָרענען זיך מיט די נויטיגע פאַכלייט. ווארים די שטאָט שווימעלט און גריבעלט מיט געאיבטע פאַכ־לייט, מענשען — ספּעציאַליסטען יעדערער אויף זיין געביט ביז צו די קלענסטע קלייניגקייטען און אפּטיילונגען. די פאַרם ווייס ניט פון אַזעלכע גליקען. אַ גוטער אַרבייטער אויף אַ

פאַרם — דאָס איז אַן אבן טוב, אַ גליק, וואָס בלויז געצעהלטע זיינען צו אים זוכה און אפילו זייערע זכות אבות קענען יעצט ניט ביישטיין.

ווארים פאַרמינג איז דאָך אַ קליין־הענדלערישע אונטער־נעמונג, וואו דער אייגענטימער און זיין פאַמיליע זיינען אליין די אַרבייטער, די ארבייטס־טעג אין יאָר — אָן אַ צאָל און די שטונדען אין טאָג — אָן אַ מאָס. פאַר געצאָלטע בלייבט זעהר ווייניג און באַשעפטיגונג פאַר געדונגענע אַרבייטער — בלויז „סיזענדיגע", אין צייט פון זייען און שניידען, אין צייט פון גראָבען, פון פלאַנצען און פון אַראָפּנעמען. זעלבסטפאַר־שטענדליך, אַז אַזוינע אומשטענדען זיינען ניט גינסטיג פאַר דער ענטוויקלונג פון אַ גוטען ארבייטסזאַמען, ניכטערן קלאַס פאַרם אַרבייטער. הערשט טאַקע דאָ די מאַכט פון דעם שכור און טרעמפּ. איך האָב גענוצט דעם וואָרט „הערשט" אין זיין אמת'ען זין, ווארים איך פאַרזיכער אייך, אַז אַ „בייער" אין אַ גרויסען דעפּאַרטמענט סטאָר איז ניט אַזוי „אינדעפּענדענט" ווי דער איינפאַכער שכור און טרעמפּ ארבייטער אויף דער פאַרם. עס איז די אומפאראנטוואָרטליכקייט פון דעם סתם שכור מיט דעם באוואוסטזיין, אַז ער איז דאָך דער איינציגער וואָס פאַרשטייט פאַרם־אַרבייט, און קען זיך דאָ סתם איינ־האַלטען פון איין שכרות־אויסברוך ביז צום צווייטען, און פיל מאָל נאָך אין מיטען דערינען, ווי באַזעסען פון אַ ניט־גוטען. ווארים דער גוטער פאַרמער האָט זיין אייגען פאַרם, אָדער שלאָגט זיך צו איהר שנעל צו. דער גוטער אַרבייטער קען אַרבייטען אין די שטאָטיגע שעפּער באַ פיל בעסער באַצאָלטע טריידס, מיט קירצערע שטונדען. בלייבען דאָך שוין ממילא

בלויז די שכורים און די טרעמפס, דער אָפּפאַל פון דער פאַר־מער וועלט, און אפילו זיי זיינען אויך ניט בנמצא. איבער־הויפּט רופט זיך עס שווער אָפּ אויף די אידישע פאַרמערס אי צוליב זייער אייגענער וויניגער באקאנטשאַפט מיט פאַרמינג, אי צוליב די שוועריגקייטען זיך צוזאַמענצולעבען אָט מיט די שכורים און טרעמפּס.

קיין אידישע פאַרם ארבייטער איז דאָך גאָר ניטאָ, סיידען ווען איינעם פאַרווילט זיך נעמען אַ וואקיישאַן און ער האָט ניט מיט וואָס אין קאנטרי צו פאָרען. פאַרשטעהט איהר דאָך שוין וואָס מען קען מיט זיי אויפטאָן.

און דיזער פּלאַן מיינער פון גרופּען פאַרמינג מיט איהר ספּעציאַליזירען זיך אין באזונדערע צווייגען פון פאַרמעריי וואָלט איינפאַך געלייזט דיזע אָנגעוועהטאָגטע פראַגע, ווייל ניט אין אַלע צווייגען פון פאַרמינג איז דער ברען־סיזאָן פון דער אַרבייט אין דערזעלבער צייט און דאָס וואָלט געגעבען אַ מעגליכקייט צו פאַרמערס פון פאַרשיידענע ברענטשעס אַרויס־העלפען זיך מיט אנאַנדער, ווען די אַרבייט איז אם נויטיג־סטען. איך מיין דערביי קיין קאָמונע, איך מיין בלויז מענשען־מאַטעריאַל אין צייט: אַרבייט איך באַ יענעם אַ טאָג — צאָלט ער מיר; אַרבייט יענער באַ מיר — צאָל איך אים, אָן טובות און אָן לאַסקעס, און דאָך פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. איהר שטאָטלייט באַגרייפט אפשר ניט די גרויסע וויכטיגקייט פון דער לייזונג פון דיזער פראָבלעם. ווען אייך וואָלט אָבער אויסגעקומען אין דער פראַקטיקע צו באקענען זיך מיט דער פאַרם ארבייטער פראָבלעם, וואָלט איהר אפשר ערשט דאַן באַגריפען דעם איינפאַכען גליק פון דיזען פּלאַן אין דעם הינ־

זיכט אליין און איהר איינפלוס אויפן גאַנצען גאַנג פון דער ענטוויקלונג פון מאָדערנער פאַרמעריי.

דאָס זעלבע איז אויך וועגען מאַשינערי און מאָדערנע מעטאָדעס פון ערד־בעאַרבייטונג און פראָדוקציע. דאָס געמיינשאַפטליכע גרופען־פאַרמינג סיסטעם וואָלט ערשט געגעבען אן אויסגעצייכענטע געלעגענהייט פאַר דער באנוצונג פון אַזעלכע מאַשינען און מעטאָדס, וואָס זיינען בכלל אונמעגליך אונטער דעם יעצטיגען סיסטעם פון פאַרמינג.

דאַן קומט דער אייגענער פאַרברויך. יעדער איינער קויפט דעם צווייטען פאַרמערס פראָדוקטען גלייך אין דער היים לויט'ן האָלסייל מאַרקעט פרייז, פלוס אַ געוויסען קאָסט פאַר הענדלען עס. די דעירי־לייט, למשל, פאַרזאָרגען אַלעמען מיט מילך, מיט קרים, מיט קעז און מיט פוטער; די פאָלטריי־לייט — מיט עגגס, טשיקענס, בראָילערס א. ז. וו. אַזוי אויך די וועדזשעטייבל לייטע, דער אָרטשאַרד מאַן און יעדער איינער באַזונדער. געוועהנליך איז דאָ די צענטראַלע סטאָר און קאָאָפּעראַטיווע סטאָריידזש האוז, וואוהין אַלע פראָדוקטען ווערען דעליווערט. יעדער קויפט וואָס ער דאַרף און דאָס איבעריגע ווערט קאָאָפּעראַטיוו פאַרקויפט אויפ'ן פרעמדען מאַרקעט. אין דעם וועג עררייכען מירביידע צוועקען: אַ ספּעציאַליזירטע פאַרמינג, אַ דאָס שאַפען פאַר'ן אייגענעם געברויך. דער סוירפּלוס געהט פאַר'ן אָפענעם מאַרקעט אין אַ פּראַקטישען ביזנעסמעסיגען וועג. און דאָס וואָס אין שטאָט וואָלט ווערען ווייניגער עסערס, וואָלט זיך טיילווייז אויסקויפען מיט דער שטאָטס בעסערען עסען, ווייל די ארבייטס־לאָזיגקייט וועט פאַרשווינדען און די פאַרדינסטען וועלען זיין

בעסער, און די בעסערע פאַרם קאַנדיציעס וועלען הייבען דעם פאַרמערשען סטאַנדאַרד פון לעבען, וועלען זיי אָנהייבען פאַרברויכען מער פון די שאַפונגען פון דער שטאָט — געגענזייטיגע הילף און פראָספּעריטי.

וועגען די גוואַלדיגע שפּאָרונגען ביים קאָאָפּעראַטיווען איינקויף פון די אַלע נויטיגע פאַרם פּראָדוקטען און אימפּלעמענטס, ווי אויך אַלע אַנדערע באַדערפעניששען, ווי גראָסערים, שיך, קליידער, פוירניטשור, א. אַז. וו. איז דאָך אָפּגערעדט. דאָס איז מעהר ווי איהר קענט זיך משער זיין. דאָס וואָלט מיט איין מאָל געלייזט איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג יעצט צו טאָג.

יעדע קאָלאָניע זאָל אויך האָבען איהר אייגענעם אָדיטאָריום און מואווינג פּיקטשור הויז, איהר סקול און לייברערי, איהרע טיטשערס פון אידיש און העברעאיש, איהרע לערער פון געזאַנג, מוזיק און טאַנץ, — עפּעס זיינען מיר דאָך אַ קולטור פאָלק מיט שטרעבונגען צו אידעאַלען, ניט בלויז ברויט אַליין. עטליכע קאָלאָניעס צוזאַמען האָבען זייערע אייגענע מעדיקעל און וועטערינערי דאָקטוירים, פון מיינעטוועגען אַפילו אַ רב, אַ שוחט, אַ מוהל, אַ בעל תפילה. וואָרים אַ שול דאַרף מען אויך האָבען צי יע פרום צי ניט פרום, אַלס נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע. און דער עיקר — אַ געדונגענעם ספּעציאַליסט-אַגריקולטוריסט אַלס ביזנעס-מענעדזשער פון דער קאָלאָניע, און קורסען אין פאַרמינג, טעאָרעטיש און פּראַקטיש, ווי אויך סתם לעקטשורס איבער אַנדערע קולטורעלע געגענשטאַנדען. דאָס אליין וואָלט געווען פון אַזויפיל וויכטיגער באַדייטונג, אַז צוליב דעם אליין וואָלט זיך געלוינט די דורכ-

פירונג פון דעם גאַנצען פלאַן. טויט צו אינעפישענסי און עם הארצות. יעדע קאָלאָניע האָט אויך איהרע קאַרפּענ־טערס, פיינטערס, שמיד, שוסטער, שניידער און מאַשין־מעקעניק.

יעדע קאָלאָניע זאָל אויך האָבען איהרע פּאָבליק גראונדס פאַר קינדער און פאַר עלטערע: טענים קאָרטס, בייז־באָל פילדס ווי אויך פאַר פוט באָל. אַ צאָל קאָלאָניעס צוזאַמען קאָנען האָבען זייער אייגענע — אַ רייס־טרעק און גאָלף לינקס אי פאַר דער יוגענד פון היינט, אי פאַר די עלטערן פון מאָרגען.

און איך ווייס שוין איר וועט זאָגען: „זעסטו, דאָס איז שוין טאַקע משוגע! דאָס פּאַסט דאָך זיך גאָר פאַר מיליאָ־נערען". זאָג איך טאַקע דערפאַר נאָך אַמאָל: „רייס־טרעקס און גאָלף־לינקס ". מאַלע וואָס געוועזן אַמאָל אַ צייט, ווען אַ קיסר האָט זיך געוואַשען אין אַן אויסגעשייערטער פּאָ־מוניצע און יעצט איז אפילו אַ ליאַדע דרדקי מלמד טובלט זיינע בכבוד׳ע מערידען אין אַ פּאָרצעלייענער וואַנע. נו, איז וואָס! ? די פעלד וואָלט דאָך קיין סך ניט קאָסטען, דאָס איז אַ קהל׳שע לכתחילה, אַרבעטער ווערט מען דאָך ניט דאַרפען דינגען, פערד איז דאָ אייגענע און די יונגוואַרג — ווארום טאַקע ניט? זאָלען זיי לעבען אַ טאָג, ווענען זיי אין שטאָט ניט לויפען. און די עלטערען מעגען זיך בעסער נאַריש מאַכען מיט גאָלף און טענים איידער מיט אַ פינאַקל און פּאָוקער: אי געזינטער, אי אנשטענדיגער, און דער אינ־טערעס — ער ווערט קומען מיטן שפּיל, ווי דער אַפּעטיט קומט מיטן עסען.

און צייט — זי וועט מוזען זיין, און אין קאָפּ — וועט עס שוין ממילא קריכען. נו דיינקט איהר, אַז עס וואָלט שאַדען טאַקע זיין אַזעלכע פאַרמערס, אָדער דיינקט איהר אפשר, אַז עס וואָלטען זיך קיין בעלנים אויף אזעלכע פאַרמס ניט געפינען? טויזענדער פאַר איינעם! אַי דאָס איז דאָך בלויז אַ חלום? זאָג איך אייך, אַז איהר מאַכט אַ טעות; פיעל לייכטער ווי עפענען אַ הונדערט גראָסערי און סטיישאָנערי סטאָרקעס, קליינינג שעפּלאָך וכדומה אַזעלכע גליקען.

איבערהויפּט גלויב איך אַז יעצט איז די צייט רייף פאַר דעם. אין דורכשניט פאַרמאָגען אידען יעצט מעהר געלד, ווי ווען עס איז פריהער; די געשעפטען אין שטאָט זיינען וויט אָבער פון צו זיין גלענצענד; גרויס קאַפּיטאַל פאַרניכטעט דעם קליין-האַנדעל, דרינגט אריין אין יעדער פעלד פון מענשליכער טעטיגקייט. די באַוועגונג פון צוריק צום לאַנד, אַ דאַנק דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע און דער ערפאָלגרייכער רוסישער קאָלאָניזאַציע, האָט יעצט מעהר אנהיינגער צווישען די ברייטע מאַסען, ווי ווען עס איז ניט פריהער. וואָס זשע דען? דער איד האָט נאָך מורא פאַר דער פאַרם. איך זאָג מורא, ווייל ציהען-ציט יעדען איינעם צום באָדען, די האָטעלביזנעס זעלבסט איז נאָר אַ פאַרקריפּלטער אויסדרוק פון דיזען געפיהל, ער האָט מורא פאַר דעם עלענד פאַר דער ארימקייט, פאַר דעם שלעכטען מצב פון דער פאַרמעריי און איבערהויפּט פאַר דער אָפּגעריסענקייט פון אַ קולטורעל-געזעלשאַפטליכען און אידיש-נאַציאָנאַלען לעבען. אָבער האַרב וועט איהר זיי ווייזען אַ וועג צו אַ פּראָגרעסיווער און צאָהלענדער פאַרמעריי, ווי מיר האָבען זי פריהער געמאָלען. נו, קענט איהר

דאָך שווין די אונזערע, ווען עס צוברענט זיך דאָס פינטעלע איד, דער ענטוזיאַסט, דער פּאָעט, דער טרוימער, דער גאָט־זוכער און ברעכער פון נייע וועגען — איז דאָך ניט שייך — בנפשו ובמאודו אין אַלעם — אין פרומער דביקות, אין חלב־נער אפיקורסות, אין בויען שטעט און אין סמאַלען וועלטען. אפילו אין פויקער און פּינאַקל, ווי אויפן זייף־באַקס — אימער מיט'ן פלאַם און מיט'ן ברען פון אַ שטאַרקען אינטעלעקט. און גוט אַזוי, זאָג איך, איך האָב עס ליב, אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין, אפשר ניט אַלעמאָל געזונט און פּראַקטיש, ווייל ניט אימער דעם ריכטיגען אויסדרוק געפונען, די קראַפט זעלבסט אָבער, דער אימפּעט און דער שוואונג — דאָס, זאָג איך, איז גוט, דאָס איז דער עדות פון אַ לעבעדיגען גייסט וואָס לעבט און וועט לעבען און וועט נאָך שאַפען נייעם גליק און נייע וועלטען.

אַזאַ קאָלאָניע וואָלט ערשט אימשטאַנד געווען אויסנוצען אין פולער גרויס און וויכטיגקייט די אַלע וויסענשאַפטליכע עקספּערימענטען און באלעהרענדע אינפאָרמאַציעס וואָס ווערט מיט אַזוי פיעל ליבע און איבערגעבענהייט געאָפּפערט צו דער פאַרמער וועלט דורך אַלע אַגריקולטורעלע קאָלע־דזשעס און עקספּערימענט סטאַנציעס איבערן גאַנצען לאַנד און וואָס ווערט לעת עתה אַזוי ווייניג אויסגענוצט פון איינ־צעלנע פאַרמערס אַ דאַנק זייער צוריקגעשטאַנענקייט, פאַר־וואָרפענקייט און אַלגעמיינער דערשלאָגענקייט.

אַזעלכע קאָלאָניעס וואָלטען אפשר אויך אויף אַ פּראַקטי־שען אופן קענען אויסנוצען די זומערדיגע באָרדער־ביזנעס, דורך פאַררענטען פון רומס מאָדערנע און מיט אַלע איינריכ־

טונגען, ווי אויך אפשר דורך אַ גרויסען קאָאָפּעראַטיווען האָטעל וואָס וואָלט באמת געדינט די נייטען פון שטאָטישען פאָלק און צוגלייך געשאַפען אַ גוטען אָפּזאַץ פאַר די פּראָדוקטען פון דער קאָלאָניע.

אַזעלכע קאָלאָניעס וואָלטען אויך געקענט ווערען די היימען פון אונזערע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, ווי מושב זקנים׳ס, בית יתומים׳ס, ערהאָלונגס אנשטאַלטען און אַזוי ווייטער. דאָס וואָלט געווען אַן איינפאַכער גליק פאַר די אינסטיטוציעס זעלבסט און זייערע אבהענגיגע, אי פאַרקלענערטע אויסהאַלטס קאָסטען, אי בעסערע און געזונטערע לעבענס פאַרמען. פאַר די קאָלאָניעס זעלבסט וואָלט דאָס אויך געווען פון גרויס הילף, שאַפענדיג דעם לאָקאַלען מאַרקעט פון פאַרבּרויך.

און וואָס וויכטיגער פון אַלעם — אַזעלכע קאָלאָניעס וואָלטען געקענט ווערען די היימען פון טויזענדער שטאָטיגע פאַמיליעס וואָס זיינען ניט אָנגעוויזען פון דער גרויסער שטאָט מיט זייער קוואַל פון חיונה, ווי רייזענדע אַגענטען און פילע אַנדערע, וועמען עס איז אייגענטליך קיין אונטערשייד ניט, וואו זיי וואוינען. דער לעבען אין אַזעלכע קאָלאָניעס וואָלט געקאָסט אפשר ווייניגער ווי העלפט פון די קאָסטען פון דער גרויסער שטאָט און צו דערזעלבער צייט רוהיגער, געזונטער, בעקוועמער. און אפילו פון אַ נאַציאָנאַל-קולטורעלען ערציהערישען שטאַנדפּונקט איז עס פיעל מעהר ווינשענסווערטה. דערווייל ווערט אָבער אויך געשאַפען דער לאָקאַלער מאַרקעט פון היימישען פאַרבּרויך.

דיזע קאָלאָניעס וואָלטען איבערהויפּט געדאַרפט צו דער

זעלבער צייט ענטוויקלען היימישע אינדוסטריען פון געוויסע סאָרטען: שטריקעריי, וועבעריי און אויסאַרבייטונגען פון געוואַנד און געהילץ. דאָס וואָלט אויסגעפילט די ליידיגע צייט און האָלטען אַלע הענד באַשעפטיגט אין די פרייערע ווינטער־מאָנאַטען, ווי אויך אין די צווישען סעזאָנען. דאָס וואָלט פאַר־אייניגט פעלד מיט שטאָט, נאַטור מיט קונסט, פאַרמינג מיט טעכניק. די פראַקטישע אויסאַרבייטונג פון דיזע מעגליכקיי־טען געה איך יעצט ניט דיסקוטירען, — דאָס מוז זיין די אויפ־גאַבע פון פאַכלייט. איך וויל בלויז דערמאָנען אַז די אידישע פאַרמערס וואָלטען באַזעסען דעם גרויסען פאָרצוג פון טרייד־קענטנים אין זייער אַ היבשער מאָס. דאָס וואָלט געווען פון גרויסען געווינס און וואָלט געקענט אויסגענוצט ווערען אין אַ פראַקטישען וועג. אַזוי אַז אנשטאט דער אידעע פון בילדען גאָרטען־שטעטלאך לכבוד דעם גאָט פון שאַפּ — איז אפשר פראַקטישער, ביליגער און דער עיקר געזונטער און אפשר אויך נאָרמאַלער אַריבערצובריינגען דעם שאַפּ אין קאָנטרי, אם וויניגסטען — די מעהר פאַר דעם צוגעפּאַסטע צווייגען פון פאַבריקאַציע און קונסט, וואו דאָס אינדיווידועלע און מענשליכע איז נאָך ניט אינגאַנצען פאַרשלונגען געוואָרען פון מאַשין און אָטאָמאַט.

באַ דער דורכשניטליכער אידישער ספּעציאַליזאַציע אין דער קליידער אינדוסטרי זעהען מיר ניט איין ווארום קלאָדינג שעפּער, איבערהויפּט פון בעסערען סאָרט, קענען זיך ניט ענטוויקלען דאָרט ערפאָלגרייך, כאָטש פאַרן אייגענעם גע־ברויך און דעם פון די אַרומיגע.

די פאָור פאַרמינג, אַ פאַרהעלטניסמעסיג לייכטע און

פראפיטאבלע אינדוסטרי, וואס פארלאנגט אבער פאך־קענט־
ניס און קאפיטאל, וואלט זיך זייער גוט געקענט אנטוויקלען
אין א ריזיגער ביזנעס און בא דער גרויסער אידישער פאר־
טרעטערשאפט אין דער פאר־קאוטס אינדוסטרי וואלט עס
געוועזען זאגאר פון א דאפעלטען ווערטה.

ואחרון אחרון חביב. איבערהויפט, וואלט דיזע פארם
גרופ־סיסטעם געגעבען א וואונדערבארע געלעגענהייט פאר
דער אנטוויקלונג פון דער זייער וויכטיגער און פראפיטאבלער
ביזנעס פון די „הענד פעקד" פרעזערווירטע פרוכטען און
גרינסען.

די וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט דעם שטודיום פון
אט די זאכען, ווייסען דעם געוואלדיגען אונטערשייד אין פרייז
און קוואליטעט פון די פעקטארי „קענד גודס" ביז די „האום
מייד" פרעזערוועטיווס, דעם גרויסען אונטערשייד אין דער
קוואליטעט פון די פראדוקטען זעלבסט, דעם גרויסען אונטער־
שייד אין דעם אופן פון זייער צוגרייטונג און פרעזערווירונג
אן שום שעדליכע דראגס דעם געוואלדיגען אונטערשייד אין
זייערע מארקעט פרייזען. איהר האט געדארפט זיין בא די
נאציאנאלע אויסשטעלונגען פון די דאמעסטיק סייענס קורסען,
זעהען די היימישע פרעזערווירטע פרוכטען, וועדזשעטייבלס,
א. ז. וו. מיט וועלכע די אלטע אמעריקאנער בעל־הבית'טעס,
ווי אויך די יונגע סטודענטקעס פון דאמעסטיק סייענס, ציי־
כענען זיך אויס, דאן וואלט איהר ערשט באגריפען ווי וואונ־
דערבאר דאס וואלט געקענט אויסגענוצט ווערען אויף א
קאמערציעלען אופן.

יעדע קאלאניע וואלט געקענט האבען אזא מין ספעציעלע

איינגעריכטעטע פּעקינג און סטאָרידזש הויז פאַר איהרע פּראָדוקטען. בלויז דאָס בעסטע, דאָס געקליבענסטע, פרישׁ פון בייט און בוים, אונטער דעם סאַניטאַרען זיגעל פון אַ גלע־זערנעם דזשאַר מיט אַ טרייד מאַרקע און הונדערט פּראָ־צענטיגער גאַראַנטי. אַ פּעקטאָרי קען עס קיינמאָל ניט טאָן, דאָס לאָזט זיך ניט אויסנוצען אויף קיין גרויסען מאַסשטאַב פון מאַסענפּראָדוקציע צוליב פילע אורזאַכען. אַזאַ קאָלאָניע וואָלט אָבער געוועזען די פּאַסיגסטע אינסטיטוציע עס דורכ־צופירען מיט אַ ריזיגען ערפאָלג. און באַ דער פאַרצווייגטער באַוועגונג פון קאָאָפּעראַטיווע געשעפטען און היימען, וואָלט זיך זעהר לייכט געשאַפען דער דירעקטער מאַרקעט. אָבוואָהל דאָס איז ניט פון גרויס וויכטיגקייט, ווייל פאַר דעם איז דאָ אַן אומבאַגרעניצטע נאָכפראַגע אפילו אויפן אָפענעם מאַרקעט.

אַזעלכע קאָלאָניען וואָלטען געקענט ענטוויקלען אַ נייע סיסטעם פון די דיירי ביזנעס, שאַפען סוירטיפייד מילך, באַט־לען עס אין אַן אייגענעם לאָקאַלען מילכפּלענט און צושטעלען עס צו די קאָאָפּעראַטיווע היימען דירעקט. דאָס וואָלט געווען אַ געוואַלדיגער אויפטו פון אַ סאַניטאַרען, געזעלשאַפטליכען און ביזנעס שטאַנדפּונקטען צוגלייך.

מיט איין וואָרט, מען וואָלט געקענט און געקענט. דאָס איז אַלץ השערות, מעגליכקייטען, בלויז שוואַכע, פאַרבייי־לויפענדע אָנמערקונגען, וועלכע וואָלטען געקענט און גע־דאַרפט אויסגעאַרבעט ווערען פון פאַכלייט, ספּעציאַליסטען אויף די באטרעפענדע געביטען פאַר דעם וואָהל פון בעסט פון די באַטייליגטע זעלבסט, ווי פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. איך רוף בלויז די אויפמערקזאַמקייט צו די גרויסער מעגלאכ־

קיטען צו בויען אַ געזעלשאַפט אויף נייע יסודות און די אומ־נייטיגע בלוט פאַרגיסונגען, צייט פאַרלוסטען און געלד פאַר־שווענדונגען. איבערהויפט איז עס פון גרויס וויכטיגקייט פאַר אונז אידען פאָליטיש, עקאָנאָמיש און קולטורעל.

וואו זאָל מען עס מאַכען? איבעראַל וואו נאָר גרויסע שטרעקעס פרוכטבאַרעס לאַנד, געזונטער קלימאַט און די נאַטירליכע מעגליכקייטען פאַר דעם זיינען דאָ: ווי קאַליפאָר־ניע, פלאָרידא, וועסטערן סטייטס און אַזוי ווייטער.

נעווער מיינד מיט די גאָרטענשטעטלאך און קליינע פאַרמס לעבען די גרויסע שטעט. ווייל —

ערשטענס: פאַרבינדעט יעצט פראַקטישע אָרגאַניזאַציע די ווייטסטע וועלטען און אַ גוט אָרגאַניזירטע פאַרמער גרופּע אין צווייטען עק וועלט איז בעסער אָפּ פון איין איינצעלנעם פאַרמער אפילו אויף פינפטער עווענו.

צווייטענס: דאַרף די הויפּט אידעע זיין ניט לעבען בלויז מיט דעם זכות פון דער שטאָט. די קאָלאָניזאַציע דאַרף זיך איינאָרדענען אויף יסודות פון זעלבסטשטענדיגער עקזיסטענץ און גרויסע שטחים לאַנד לאָזען זיך אם בעסטען אויסנוצען פאַר דיזע פלענער.

דריטענס: גיבען די ווייטע גרויסע און ווייניג באַפעל־קערטע שטאַטען די בעסטע געלעגענהייט פאַר דער קאָנצענ־טראַציע פון גרויסע אידישע פאַרמינג צענטערס אין מאַסען, וואָס וואָלט מיט דער צייט שפּילען אן אומגעהייערע גרויסע ראָל אין דעם אידיש־נאַציאָנאַלען און קולטור־געזעלשאַפטלי־כען אידענטום.

פערטענס: קאָסטען יענע לענדערייען ניט אין פאַרגלייך

ביליגער ווי די, וואָס נעבען די גרויסע שטעט און זייער נאַטיר־ליכער שטייגען אין פרייז דורך אַ באַפעלקערטען ישוב, וואָלט געווען פון אומגעהייערער גרויס און פאָלגליכען בענעפיט פאַר די אייגענטימער זעלבסט ווי אויך פאַר מאָרגיידזשירערס און באַנדהאָלדערס. ווארים דאָס פאַרשטעהען דאָך אפילו קינדער אין די וויגען, אַז ווען אַ וויסטע ווערט פאַרוואַנדעלט אין א ישוב, ווערט איהר ערד פאַרוואַנדעלט אין גאָלד און איהרע וואַסערען אין פליסיגען זילבער. אגב, וואָלט אפשר אין אַלגע־מיין ניט געשאַדט לייגען אַ פונדאַמענט פאַר אַ שטאַרקען נייעם ישוב אויסערהאַלב די יעצטיגע קאָנצענטראַציאָנס־פונקטען.

דאָך וועל איך זיך יעצט ניט ארייגלאָזען אין קיין דיס־קוסיאָנען. עס קען גרייליך מעגליך און פיעל פראַקטישער זיין אָנפאַנגען מיט אַזאַ עקספערימענט דוקא ניט ווייט פון די יעצטיגע אידישע צענטרען צוליב פילע אורזאַכען: געאָגראַ־פישע, פינאַנציעלע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע, און דערהויפּט טאַקע אפשר כדי צו פאַרשטאַרקען דעם פיזישען און פינאַנ־ציעלען מעמד פון דעם שוין עקזיסטירענדען גרעסטען אידישען קבוץ פון אַלע צייטען און פון אַלע לענדער אויף א פאַרהעלט־ניסמעסיג קליינעם שטח.

דאָס מעג אפשר קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס און וויץ. איך בין אָבער ערנסט און אויפריכטיג דערמיט, גלויב אין דארינען באמונה שלמה, ווייל גרויס איז די רייניגונגס קראַפט פון דער ערד און איהר ווירקונג איז אומשעצבאַר.

אין דיזען פאַל וואָלטען אפשר געוויסע ענדערונגען דאַר־פען געמאַכט ווערען אין דער פּראַקטישער פאַרמינג סטרוק־

טור פון דער קאָלאָניע זעלבסט, אָבער דאָס וואָלט אין גאָרניט ענדערען דעם עצם פּלאַן.

און די פינאַנסירונג פון אַזאַ גראַנדיעזען פּראָיעקט? וועגען דעם אין נעקסטען קאַפּיטעל.

## און די פינאַנסירונג זעלבסט ?

הערט זשע אידען. איך בין מיין זיידענס אן אייניקעל און וועלכער איד האָט עס ניט געהאַט קיין זיידען, און וועלכען אידען האָט עס אַמאָל געפעלט דער בטחון אַז ער קען איבער־קערען אַ וועלט מיט'ן בלויזען שם המפורש און מיט אַ גע־באָרגטען זילבערנעם גילדען? און יעצט בלייבט אונז נאָר צו לערנען דעם אַלטען קל וחומר מיט'ן באַריממטען אפשיטא שוין און דרינגען ווייטער: ומה דאָך אן איינצעלנער איד, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין צוויי סענט גיט זיך שטענדיג אן עצה און קריגט געלד אפילו אויף אַזוינע טשיקאַווע ביזנעס ווי כאַפען ווינד און פאַקען לופט, — אַ פשיטא שוין אַ איד מיט אַביסעל געלד, מיט אַ גאַנצען כלל ישראל, אויף אַ הונדערט פראָצענט זיכערער זאַך — איז דאָך לא כל שכן, אַז מען וועט זיך אן עצה געבען.

איהר וועט אפשר זאָגען, אַז איך לעב מיט חלומות, אַז איך בין אַזוי הינגעריסען געוואָרען פון מיין אייגענעם פלאַן, אַז איך בין ניט אימשטאַנד צו אונטערשיידען פון ווירקליכ־קייט ביז פאַנטאַזיע און בין גרייט אַריבערצושפּרינגען בערג און טהאָל ניט באַמערקענדיג אפילו די געפאַהר. איז ערשטענס זאָג איך אייך, אַז איך בין גאָר ניט הינגעריסען געוואָרען, אַז דער פלאַן האָט מיך ניט פארכאַפּט ווי א נבואה פון גאָט אַז איך האָב אויסגעקריינקט יעדע פאַזע זיינע אין די לאַנגע צעהן יאָהר שווערע פאַרמינג און בין דערצו דערגאַנגען שטופען

ווייז, האָב זיך דערמיט צוזאַמענגעלעבט ווי מיט אַ פולער ווירקליכקייט. עס איז בלויז יעצט צום אויסדרוק געקומען ווי יעדער געדאַנק וואָס מאַכט דורך די פעריאָדען פון פאַר־בינדונג, טראָגען און ענדליכען געבורט.

עס איז קיין פראַגע ניט, אַז מיט קיין ליידיגע הענד וועט מען ניט קענען אריינגעהן, אַז יעדער מענש, וואָס וועט זיך וועלען באַזעצען אויף אַזאַ סאָרט פאַרם און זיין זיכער מיט אַ לעבען מאַכען, וועט מוזען האָבען פון דריי ביז פינף טויזענד דאָלאר אייגענעם קאַפּיטאַל.

וועט איהר דאָך אודאי וועלען זאָגען: איד איינער, מיט אַזאַ פאַרמעגען קען מען דאָך שוין אַ לעבען מאַכען אין אַמע־ריקע גופא, טאָ צו וואָס נאָך געהן אין אויסרייסעניש אויפ'ן פאַרם? אַמעריקע, געוועהנליך, איז די ליבע שטאָט און די גאָלדענע ביזנעס — איז אַ גראָסערי סטאָרקע, אַ סטיישאָנערי קלינינג שאַפּקע וכדומה אַזעלכע גליקען. איז ערשטענס, וועל איך אייך זאָגען אַז איך האָב גאָר ניט בדעה צו באַזעצען אַלע אידען אויפ'ן לאַנד, — וואו איז יושר — אויסבילדען שטעט און זיי פאַרלאָזען, יענעם צוזאַוואַרפען? — צווייטענס זיינען נאָך דאָ גענוג אידען אין אַמעריקע וואָס קענען אינוועסטען פון דריי ביז פינף טויזענד דאָלאר און גענוג אַזעלכע, וואָס וועלען אפילו מיט אַזאַ עשירות אין האַנד, זיך דאָך באַשליסען געהן אין אַזעלכע פאַרמס. יעדער אידישער פאַרמער יעצט צו טאָג האָט דורכשניטליך אַזוי פיעל און נאָך מעהרער אינ־וועסטעד. אגב, לאָמיר האָבען א חשבון און זעהען וויפיל אייגענטליך דאָס וועט דאַרפען קאָסטען און ווי אַזוי וועט מען עס קענען פינאַנסירען.

איך דיינק אַז אין דורכשניט וועל איך ניט זיין פיעל אויסערן וועג. ווען איך וועל זאָגען אַז לאַנד וועט מעהר ניט קאָסטען, ווי הונדערט דאָלאר אן אַקער. מען קען קויפען מיליאָנען אַקערס גוטע לאַנד פאַר ווייניגער ווי העלפט פון דעם פרייז, אָבער לאָמיר, אויס זיכערהייט וועגען, רעכענען אַ הויכען פרייז, לאָמיר זאָגען אַ דורכשניט פון 20 אַקער צום פאַרם. לויט דעם פלאַן פון גרופען־פאַרמינג איז צוואַנציג אַקער מעהר ווי גענוג דעם שעהנסטען לעבען פאַר אַ פאַמיליע צו מאַכען. האָבען מיר אַ קימאָ־לן פון 2000 דאָלאר. אַ זעקס־רומיגע הויז מיט אַלע מאָדערנע אימפּרואוומענטס, לויט דעם פלאַן פון האָלסייל קאָנסטראָקשאָן, וועט קאָסטען ניט מעהר פון דריי טויזענד דאָלאר, ווייל די סייווינגס אונטער דיזען פלאַן פון קויף און איבערהויפּט פון אַרבעט וואָלט געווען אומגעהייער גרויס. אַ שטאַל פאַר 25 קיה צו האַלטען, אָדער אַ היהנער הויז פאַר 1500 היהנער, אין יעדען פון דיזע פעלע גענוג פאַר אַ פאַמיליע אַ לעבען צו מאַכען, איז אן אינוועסט־מענט פון אַ נאָך קאַרגע דריי טויזענד דאָלאר. דאָס העכסטע בסך הכל אַרום 8 טויזענט דאָלאר די לאַנד מיט די בילדינגס. איז האַלב דערפון, באַ פיר טויזענד דאָלאר קאָן אימער גע־דעקט ווערען מיט אן ערשטען מאָרטגיידזש. נאָך אַ צוויי טויזענד דאָלאר באַ צווייטען מאָרטגיידזש און די איבריגע צוויי טויזענד דאָלאר וועט דער מאַן מוזען אריינלעגען אייגענע, ווי אויך א דריי טויזענד דאָלאר אויפ'ן איינקויף פון לעבעדיגען און טויטען אינווענטאַר. איז אויב דער מאַן האָט די פינף טויזענד דאָלאר, איז דאָך אָפּגערעדט. שלעכט איז נעבאָך מיט דעם אָרימאַן, וואָס ווי מען לייגט אים טוט

אים רק וועה און וואָס וואו מען שטעלט אים טרעט ער רק עמיצען אָן אויף די היהנער אויגען. איז טאַקע ניט גוט דער־וו ייל מיט אים, — דאָך איז עס אויך אָן געפאַהר; וועט אַזאַ איינער ניט געהן אין דיירי און פאָולטרי, וואָס פאַרלאַנגען גרויסע אינוועסטמענטס וועלען זיי זיך אָפּגעבען מיט גרינס, מיט פרוכט, מיט בינען־צוכט און צוביסלאָך אַרויסאַרבייטען אין דער פרייער צייט. דארויף איז אַ פּאָר טויזענט דאָלאר אויך גענוג און מען קען דערביי אַ פיינעם לעבען מאַכען.

אלזא יעצט בלייבט אונז בלויז איבער צו פאַרהאַנדלען די פראַגע פון פינאַנסירען די ערשטע און צווייטע מאָרט־גיידזשעס, וואָס וועלען שאַפען דעם נויטיגען קאַפּיטאַל פאַר דער דורכפיהרונג פון דיזען פּלאַן. איידער מיר וועלען אַריבער־גיין צו די ספּעציפישע איינצעלהייטען פון דיזער פינאַנציעלער טראַנסעקציע, וועלען מיר מוזען מאַכען אַן איבערבליק איבער דער אַלגעמיינער פּראָבלעם פון מאָרטגיידזשעס אויף ביל־דינגס, באָנדס און סטאַק אישוס און זייערע הויפּט — פון אַ געזעצליכען און ביזנעסשטאַנדפּונקט. דאָס וועט אונז העלפען קלאָר מאַכען די גאַנצע אנגעלעגענהייט און אָנצייגען אויף דער אונצווייפעלהאַפטער מעגליכקייט פון איהר דורכפיהרונג.

עס מעג אפשר קלינגען ווי אַ ביליגער וויץ, אָבער עס איז דאָך אַן אַלעמען באוואוסטער פאַקט, אַז די פראַגע וואָס טוט מען מיטן אָפּגעשפּאָרטען געלד איז אַן ערנסטע און זעהר קאָמפּליצירטע און איז פון אומגעהייערער וויכטיגקייט פאַר דעם וואוילזיין פון לאַנד און פּראָגרעס פון דער גאַנצער מענש־הייט. דאָס איז אייגענטליך די בלוט צירקולאַציע פון דער

געזעלשאַפט און אפשר אויך דער פונדאַמענט פון קולטור און פראָגרעס.

די פראַקטישע פאַרווענדונג פון דיזע אָפּגעשפּאָרטע אוצרות פאַר דעם פראָגרעס און וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט איז די שווערסטע און קאָמפּליצירסטע פּראָבלעם פון טאָג און באַשעפטיגט די בעסטע מוחות פון געלעהרטע, געזעצגעבער און מענשהייט אין אַלגעמיין. דער אינדיווידועלער פאַרמער קען נישט צוקוקן אז זיין ערד זאָל ווערן אַלץ ערגער.

גערטנערייען, שפייז און קליידער — דאָס זיינען די הויפּט־יסודות פון עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטליכען לעבען. פון זיי איז די וואוינונג פּראָבלעם די פראָמינענטסטע, ווייל די וויכטיגסטע און מעהר דויערהאַפטע; ריזיגע פאַרמעגענס זיינען אין דעם אריינגעלייגט, צענדליגער ביליאָנען, אונגלויבליכע אוצרות, — דאָס איז פאַר׳ן היינט, פאַר׳ן מאָרגען און פאַר די צוקונפטיגע דורות, אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט וואָס וואַקסט און ווערט גרעסער מיט דעם וואוקס פון דער געזעלשאַפט און איהר פראָגרעס. דערפאַר טאַקע ווערען די אינוועסטמענטס פון די אָפּגעשפּאָרטע פאָלקס קאַפּיטאַלען פאַר דעם אויפבוי פון די וואוינונגען פון לאַנד באַטראַכט אלס די זיכערסטע, נוצליכסטע און פראַקטישסטע.

אוים זיכערהייטס וועגען ווערט געוועהנליך ניט ערלויבט

צו אינוועסטען מעהר ווי ביז 50 פראָצענט פון דער אמת'ער ווערט פון דעם באָדען און בילדינגס. דיזע ערשטע מאָרט־גיידזש אינוועסטמענטס אויף ריעל עסטייט ווערט געזעצליך ערלויבט און זאָגאַר רעקאָמענדירט פאַר סייווינגס ביינק, אינ־שורענס קאָמפּאַניס, פאַרשידענע טראַסט פאָנדס און בילדינג אַסאָסיאיישאָנס אַלס די זיכערסטע אינוועסטמענטס. דאָס ווערט צוגלייך אויך אינשורט פון פייער, שטורם און וואַסער, אַזוי אַז אין קיין פאַל און אונטער קיינע אומשטענדען קאָן דער אינוועסטאָר ניט ליידען.

אַזוי אַרום איז אויסגעוואַקסען די ערשטע מאָרטגיידזש אינסטיטוציע, וואָס האָט פאַקטיש געהאָלפען אויפבויען דאָס לאַנד און אַוועקגעשטעלט אַמעריקע אין פאָדערגרונד פון דער גאַנצער עקאָנאָמישער וועלט.

ריזיגע פאַרמעגענס, צענדליגע ביליאָנען דאָלארס פון אָפּ־געשפּאָרטען געלד זיינען אינוועסטעט געוואָרען אין די ערשטע מאָרטגיידזשעס אויף לייכטע צאָהלונגען פאַר אַ פאַרהעלטניס־מעסיגען רייט פון אינטערעסט, צוליב דער זיכערקייט פון דעם קרן און עס איז גאַר קיין מאָס ניטאָ צו די סומען געלד וואָס קענען געשטעלט ווערען צו דינסט אויף גוטע פראַקטישע ערשטע מאָרטגיידזש סעקיוריטיס. זעקס פראָצענט איז דער דורכשניטליכער רייט פון אינטערעסט. דער קרן קאָן פאַקטיש בלייבען שטעהן אומגעשטערט פאַר יאָרען און יאָרען און קיינע צאָהלונגספאָדערונגען אַזוי לאַנג ווי די אינטערעסט, טעקסעס, אינשורענס ווערען פּינקטליך געצאָהלט און די בילדינגס זעלבסט געהאַלטען אין גוטען אָרדענונג. אַזוי איי־

געגנטליך זיינען אַזעלכע גאַנצע שטעט אויסגעוואקסען צו ריזיגער גרויס און אומגעהערטען רייכטום.

שלעכט איז געווען מיט די פאַרמס. זייענדיג צוריקגע־שטאַנען אין זייער אנטוויקלונג, צוזייט און צעוואָרפען, ניט גענוג באַשיצט פון פייער און אַנדערע נאַטור עלעמענטען, ניט קיין גאַנגבאַרע מאַרקעט סחורה אין פאַל פון אייגענטימערס טויט, זיין פאַרנאַכלעסיגטען האַלטען עס, אָדער ניט פינקטלי־כער צאָהלונג. זיינען אַזוי אָרום די פאַרמס געשטאַנען ווי אויפ'ן שוואַרצען צעטעל פון דער פינאַנציעלער וועלט און האָבען געהאַט אויסצושטעהן גרויסע שוועריגקייטען אין קרי־גען געלד־פאָנדען אפילו אויף די זיכערסטע אונטערנעמונגען. זיי זיינען באַטראַכט געוואָרען ווי די שטיפקינדער פון דער געַ־זעלשאַפט. פאַרן חם וואָס באַדינט זיינע ברידער, שפּייזט זיי מיט'ן שווייס פון זיין פּניט און באַשיצט זיי פון הונגער און קעלט. ביז די עולה האָט דערגרייכט די הימלען און די רע־גירונג האָט באַשלאָסען קומען צו דער הילף פון דעם פאַרמער וואָס מיינט אויך פון דעם לאַנד.

עס האָט זיך געגרינדעט די פעדעראַלע לאַנד־באַנק, וואָס לייהט געלד אויף ערשטע מאָרטגיידזש סעקיוריטיס פאַר אַ קליינעם רייט פון אינטערעסט לויט דעם וואונדערבאַרען אַמאָרטיזיישאָן פּלאַן.

לויט דיזען פּלאַן צאָהלט דער פאַרמער זעקס פּראָצענט אינטערעסט אויפ'ן געליהענעם געלד. פון זיי געהט פינף פּראָצענט אויף אינטערעסט און איין פּראָצענט, דער זעקסטער, אויף אויסצאָלען ביסלאכווייז דעם קרן, און אזוי ווי ער צאָלט זיינע זעקס פּראָצענט שטענדיג גלייך, איז דאָס אזוי אויסגע־

חשבונ׳ט געוואָרען, אַז אין אַ משך פון עטליכע און דרייסיג יאָהר ווערט דער קרן פון זיך זעלבסט אויסגעצאָלט און אָפּגעווישט. דאָס איז אַ געוואַלדיגער געווינס פאַר׳ן פאַרמער און פאַר דער גאַנצער לאַנד. די צרה איז נאָר וואָס די רעגירונג ערלויבט אַ הלואה פון בלויז פופציג פּראָצענט די ווערטה פון דעם באָדען און בלויז צוואַנציג פּראָצענט (איין פינפטעל) דעם ווערטה פון די בילדינגס און דאָס איז געוועהנליך ניט גענוג און שאַפט פאַרלעגענהייט. די אורזאַכע דערפון איז ווייל די געלדער ווערען געשאַפען דורכ׳ן פאַרקויף פון באָנדס אויפ׳ן אָפענעם מאַרקעט. דיזע באנדס זיינען גאַראַנטירט פון דער רעגירונג און זיינען זאָגאַר טעקס פריי. זיי צאָלען בלויז ארום 4½ פּראָצענט אינטערעסט צו די אינוועסטאָרס. דאריבער אויך די אויסערגעוועהנליכע פּאָרזיכטיגקייט אין דעם פאַרזיכערונגס ווערטה. דיזע פּאָרזיכטיגקייט איז אפשר ניט אין גאַנצען אויסערן וועג, ווען מען נעמט אין אנבאטראכט דעם צרה׳דיגען צושטאַנד פון דער פאַרמעריי, איהר צואוואָרפענקייט און ניט גאַנגבאַרקייט אַלס פאַרקויפס־אַרטיקעל.

יעצט לאָמיר אריבערגיין צו אונזער פּלאַן פון גרופּען־פאַרמינג און זעהען, ווי אַזוי דיזע מעגליכקייטען קענען אויסגענוצט ווערען מיט בעסערען פּאָרצוג.

אַזוי ווי מען וועט קויפען גרויסע שטחים לאַנד, צושניידען עס אויף קליינע פאַרמס, דורכפיהרען ראודס, עלעקטריק און אַזוי ווייטער, פאַרבילדען אַלעס פון דאָס ניי אין קליינע ישובים־קאָלאָניעס מיט מאָדערנע לעבענס־אַרטען און פּראַקטישע עקאָנאָמישע מעטאָדען, וואָס וועט פון זיך זעלבסט ממילא שוין הויבען דעם ווערטה פון דעם באָדען זעלבסט;

און אַזוי ווי מען וועט די גאַנצע בילדינג־אַרבעט טאָן אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב האָלסייל פּרייזען פאַר מאַטעריאַלען און די ארבעט זעלבסט וועט אויך קאָסטען ניט אין פאַרגלייך ביליגער דורך פאַכלייט בילדערס וואָס וועלען זיך אליין אויך באַזעצען אין דיזע קאָלאָניעס און וועלען דאריבער אימשטאַנד זיין אַרבייטען פאַר אַ פּיעל ביליגערען לוין אין איינקלאַנג מיט'ן עקאָנאָמישען סטאַנדאַרד פון דער קאָלאָניע, — וועט אַזוי ארום דער „העכערער מאַרקעט ווערטה" פון דעם לאַנד און בילדינגס איבער דעם אמת'ן „קאָאָפּע־ראַטיווען קאָסט" זייערען זיין מער ווי גענוג אויס־צומאַכען אַזוי, אַז דער פעדעראַל־לאַנד באַנק מאָרטגיידזש זאָל באַטרעפען פולע 50% פון דעם אמת'ן קאָסט. אין דעם איז ניטאָ קיין שווינדל, דאָס איז די גערעכטסטע און זיכער־סטע פאָרמע פון מאָרטגיידזש, זיכערער ווי וועלכע ניט איז אַנדער אינוועסטמענט זייערער אויף די איינצעלנע צעזוואָר־פענע פאַרמס. ווארום אַזעלכע פאַרמס וועלען קיינמאָל ניט שטעהן ליידיג און הונדערטער אַנדערע וועלען זיין שטענדיג גרייט צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם איינצעלנעם, וואָס וואָלט צוליב איין אורזאַכע אָדער אַ צווייטער זיין געצוואונגען צו פאַרלאָזען די פאַרם. דאָס וואָלט געוועזען די בעסטע וועג, ווייל די זיכערסטע און ביליגסטע, אַ דאַנק דעם אויבען דער־מאָנטען אַמאָרטיזיישאן פּלאַן, ווארים דער קרן וואָלט פון זיך זעלבסט מיט דער צייט אָפּגעווישט געוואָרען צאָהלענדיג בלויז די זעקס פּראָצענט אינטערעסט.

אין פאַל די פעדעראַל לענד באַנק זאָל ניט וועלען איינ־געהן אויף דעם, קאָן מען לייכט קריגען אַ פולען 50% ערשטען

מאָרטגיידזש לאָאן אויף 6% פון אינשורענס קאָמפּאַניס, טראַסט און מאָרטגיידזש קאָמפּאַניס ווי אויף אַנדערע ביל־דינגס ווייל דאַן איז דאָס שוין מעהר ניט קיין פּאַרוואָרפענע פּאַרמס, דאָס זיינען שוין ישובים צוגלייך מיט אַלע אַנדערע, זיכערע און צאָהלפעהיגע. געוועהנליך פאַלט דערביי אָפּ דער פּאַרצוג פון אַמאָרטיזיישאַן פּלאַן.

זיינען מיר הייסט עס פּאַרטיג מיט דער פינאַנסירונג פון דעם ערשטען מאָרטגיידזש, וואָס באַטרעפט העלפט פון דער קאָסט פּרייז פון דעם לאַנד מיט אַלע בילדינגס און אימ־פּרואוומענטס.

יעצט קומען מיר צו דער פראַגע פון דעם צווייטען מאָרט־גיידזש, וואָס זאָל באַטרעפען כאָטש ניט ווייניגער פון איין פערטעל פון דעם קאָסט פּרייז פון דער גאַנצער לאַנד און בילדינגס מיט זייערע אימפּרואוומענטס. און דאָס, זעהט איהר, איז שוין אַ האַרבער פּראָבלעם, אָבער אַלץ אַן געפאַהר און באַ אַלע איהרע שוועריגקייטען בין איך מעהר ווי איבער־צייגט דאָס זי איז דורכפיהרבאַר, אָבוואָהל פאַר דעם וועט זיך פאָדערען אַ גרעסערע מאָס אָנשטרענגונג.

דער בלויזער נאָמען צווייטער מאָרטגיידזש ענטשפּרעכט שוין זיין כאַראַקטער און צייגט אָן קלאָר זיין פּלאַץ און ווערטה. אַזוי ווי אַן ערשטער מאָרטגיידזש באַטרעפט אין דורכשניט ניט מעהר ווי העלפט פון דעם אמת'ן ווערטה פון דער געביידע און לאַנד און לאָזט דאַריבער איבער נאָך אַ גרויסען פינאַנציעלען ווערטה, וואָס איז פאַרלעסליך און טרויענסווערטה און אַזוי ווי ריעל עסטייט איז און ווערט באַטראַכט פאַר אַ גוטען אינוועסטמענט, און אַזוי ווי געלד

איז דאָ מעהר ווי גענוג אויף דער וועלט און זוכט פאַרווענ־דונג. — איז אַזוי ארום געשאַפען געוואָרען די צווייטע מאָרט־גיידזש אינסטיטוציע. זי איז אַ צווייפעל קלענער אין איהר פאַרנעהם און פינאַנציעלען אומזאַץ לגבי דער מעהר פריווילע־גירטער ערשטער מאָרטגיידזש אינסטיטוציע, דאָך איז זי, אַן און פאַר זיך, פון אומגעהייערער גרויס און איז אָן צווייפעל פון גרויסער וויכטיגקייט און נוצען אין דעם אויפלעבען פון דעם לאַנד און זיינע רייכטימער. ווען ניט די ריזיגע געלד־פאָנדען, וואָס ווערען געשטעלט צו דינסט דורך די צווייטע מאָרטגיידזשעס, וואָלט אייגענטליך אוממעגליך געווען די גאַנצע ענטוויקלונג פון דער ריעל עסטייט וועלט אין דעם בעסערען זין איהרען. די צרה איז נאָר וואָס אַזוי ווי זיי נעמען די ריזיקע פון זיין די צווייטע אין דער געלד פאַרזיכע־רונג אויף די אָנגעגעבענע ריעל עסטייט, דאָס הייסט ערשט נאָך דעם, ווי דער ערשטער מאָרטגיידזש קריגט זיין געלד־ווערטה אין פול אין פאַל פון אַ געצוואונגענעם פאַרקויף — הייסען זיי זיך דערפאַר באַצאָלען שבת, ריפּוי און בושת, לויט באַשטימטע פריוואַטע פאַרהאַנדלונגען; דאָך וועט מען קענען מאַכען די באַהויפּטונג, אַז צווייטע מאָרטגיידזש געלד קאָסט אומגעפעהר 10% אינטערעסט, אַן און פאַר זיך אַ געוואַלדיג הויכע רייט פון אינטערעסט, דאָך אפשר אַ באַרעכטיגטע ביז אַ געוויסער מאָס און אָן געפאַהר פאַר וואוילזיין פון לאַנד.

דאַן קומט די אינסטיטוציע פון באַנדס און סטאַקס. אייגענטליך איז דאָס אַ קאַפּיטעל פאַר זיך, אַן אינטערעסאַנ־טער, באַלעהרענדער און אויב איהר ווילט זאָגאַר ראָמאַנטיש־טראַגישער. דאָך ווועלען מיר זיך ניט אריינלאָזען אין קיינע

אָבהאַנדלונגען איבער זייער אנטשטעהונג, שטופענווייזער ענטוויקלונג און ריזיגען פאַנאַנדערוואוקס, מיט אַלע זייערע געוואַלדיגע מעלות און נאָך גרעסערע חסרונות. מיר וועלען בלויז קאָנסטאַטירען דעם פאַקט דאָס גאַנצע ביליאָנען פון פרישע גאָלד־רעזערווען זיינען אין דיזען וועג אריינגעצויגען געוואָרען אין צירקולאַציע און אַז ביי אַלע זייערע חסרונות און שווינדלערישער אויסנוצונג פון פאָלקס־צוטרויען און זיינע שווער פאַרהאָרעוועטע שפּאָרונגען איבען זיי דאָך אויס אַ סטימולירענדען איינפלוס אויף דעם אויפשוואונג פון האַנדעל און אינדוסטרי מיט אַן ענטגילטיגען בענעפיט פאַר דער גע־זעלשאַפט אַלס גאַנצעס. ווארים מאָרטגייידזשעס קענען בלויז געגעבען ווערען אויף זיכערע אינוועסטמענטס, אויף ריעל עסטייט פון זיכערען און צאָהלבאַרען ווערטה, אָבער ניט אויף ביזנעס אונטערנעהמונגען. אינדוסטרי און ביזנעס, אָבוואָהל דער רוקענביין פון דער געשעפטסוועלט און פון דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, איז דאָך פאַרבונדען מיט אונ־צעהליגע געפאַהרען איז קיינמאָל ניט צו־זיכער, ניט צו־פאַרלעסליך, איז אבהענגיג פון הונדערט און איין אורזאַכען אין אייער און אויסער אייער קאָנטראָל און אַז אַ געוויסע מאָס געמבלינג און ריסק לויערט אויף יעדען טריט איהרען אין דעם לאַנגען וועג פון איהר גלאָררייכען צוג. מיליאָנען גאַנצע פון שווערע פאַרדינסטען אָדער נאָך שווערערע פאַר־לוסטען זיינען ניט מעהר ווי אַן אַלטעגליכע ערשיינונג, און קיינע אָפּגעשפאָרטע פאָלקס פאָנדען ווערען ניט געזעצליך ערלויבט אַלס זיכערע אינוועסטמענט אין דיזער ריזיגער טיטאַנען־שפּיל פון מאָדערנער אינדוסטרי און אפשר אויך מיט רעכט.

די קאַפּיטאַלען מוזען דאָך פּאָרט פון ערגעץ וואו ארייג־קומען, דאָס געלד מוז פליסען פרייער, דינסטפעהיגער און אויך ווען נויטיג אָפּפערוויליג... איז געשאַפען געוואָרען די באנד און סטאק אינסטיטוציע, די פאַרהעלטניסמעסיג מעהר געזי־כערטע באנד איז מיט אַ באַשטימטען דיווידענד אַלס אינטע־רעסט, אָבוואָהל פיעל העכער פון די סייווינגס בייגק רייטס, דאָך אַ געמעסיגטער, פון 6% ביז 7% בלויז, דערפאַר אויך באגרעניצט אין די פּראָפּיט־מעגליכקייטען. און דאַן קומט די פרייע, באצויבערנד־פאַרפיהרערישע און גראַציעז־בייגיגע סטאַק אישו, די קורטיזאַנקע פון דער פינאַנץ וועלט מיט איהר גאַנצען צויבער און גרויזאַמקייט, מיט איהר אונערשעפּטען קוואַל פון רייץ, פון זינד און פאַרפיהרערישע פאַרשפּרעכונגען וואָס אָט באשיינקט עס אייך מיט גאַנצע וועלטען פון פאַר־געניגען און גליקען — בערג פּראָפּיטען — אום אַ שטונדע שפּעטער איבערלאָזען אים אין אומבאַהאָלפענעם און אויסגע־ליידיגטען ווי אַ צובראָכענעם שאַרבען ערגעץ אויפ'ן ערשטען בעסטען געשעפּטליכען אינזל. און דאָ מישט זיך דער געזעץ אויך וויניג וואָס אריין: ביזטו אַ זעלנער — טאָ שמעק פּולווער — מישט זיך אפשר ניט מעהר ווי אין דער רעגולי־רונג פון אַנדערע נייטיגע איבלען און זינדיגע פאַרוויילונגען. און די גרויסע העכט באַוועגען זיך פיעל פרייער אין אַ וועלט פון קליינע פישלאַך, פישען אין מוטנע וואַסער און פאַנגען פילע קלענערע און גרעסערע פישלאַך און ווערען דאביי צו־מאָל זעלבסט פאַרשלונגען פון נאָך גרעסערע לויתנ'ס און הויכען אויס זייערע זינדיגע אטעמס ווי אומשולדיגע שעפּע־לאך. קענען וואָס זשע דערצעהלען מיר עס אייך דיזע אַלע

שרעק מעשות און זינגען אייך דיזע קינדערשע וויג-לידער ? קעגען דעם וואָס מה דאַך מענשען זיינען וויליג צו אינוועסטען הונדערטער מיליאָנען טעגליך אין ווערטהלאָזע סטאקס אָדער וויניג צאָהלענדע האַלב געזיכערטע באנדס אין האָפנונג פון גרעסערע דיווידענדען, אין האָפנונג טאָמער וועלען דאַדורך שטייגען זייער מאַרקעט-ווערטה און פאַרלירען דערביי גאַנצע מיליאָנען דערוויייל, — היינט אַ פשיטא שוין אַז מען וועט זיי געבען אַ געלעגענהייט צו אינוועסטען אין אַ זיכערער באַנד אישו, וואָס וועט נאָך דערצו צאָלען 10% דיווידענד געזיכערטע. ניין, איך צווייפעל פאַר קיין איין רגע ניט, אַז ווען אַזאַ באַנד-אישו, געזיכערט מיט די ריעל עסטייט פון דער קאָלאָניע, וועט אַרויסגעלאָזען ווערען אויפ'ן אָפענעם מאַר־קעט, מיט אַ געזיכערטען 10% דיווידענד, וועט עס צוכאַפט ווערען ווי מצה-וואַסער. דאָ איז דאָך ביידע זאַכען אי די זיכערהייט פון אַ ריעל עסטייט מאָרטגיידזש, אי די גרויסע דיווידענדען פון אַן אומגעזיכערטער סטאק אישו. וועט דאָס פאָלק ניט קומען ? וועט דאָס געלד ניט פליסען ?

דאָס וואָלט דאָך באמת געוועזן דער זיכערסטער און צאָל־פעהיגסטער באַנד אויפ'ן מאַרקעט מיט דעם העכסטען רייט פון געזיכערטע דיווידענדען וואָס וואָלט שוין ממילא אויך געהויבען זיין מאַרקעט ווערטה.

צוליב איבריגער זיכערקייטס וועגען ווערט יעדע אינדי־ווידועלע הלואה געזיכערט צוגלייך מיט אַ ספעציעלער אינ־שורענס פאָליסי אין פאַל פון איינעם'ס טויט אָדער זיין אומ־פעהיגקייט צו צאָלען. קיין ריזיקע אונטער קיינע אומשטענ־דען. איך זעה אַבסאָלוט ניט איין וואָרום מענשען זאָלען ניט

קויפען אַזעלכע מאָרטגיידזש באַנדס מיט די פּראָפיט מעגליכ־קייטען פון סטאַקס.

די פראַגע איז נאָר צי וועט אַ 10% אינטערעסט רייט פאַר'ן צווייטען מאָרטגיידזש ניט פאַלען צו לאַסט אויף די פאַרמערס, שטעלען זיי אין אַ פינאַנציעלער פאַרלעגענהייט און מיט זיי אויך די גאַנצע קאָלאָניע? נו, טאָ לאָמיר עס טאַקע באַטראַכטען מיט ציפערען אין האַנד.

לאָמיר זאָגען אַז דער צווייטער מאָרטגיידזש זאָל באַ־טרעפען אן ערך 2000$. איז דאָך 6% פאַר געלד צאָלט דאָך יעדערער, אפילו ראקעפעלער זעלבסט, ווען ער נויטיגט זיך אין זיי. און אַזוי ווי מיר ווען צאָלען 10% — הייסט עס אַז מיר צאָלען איבער 4%, אָדער אין פּשוט'ע ווערטער, הייסט עס, איבערגעצאָלט 40 דאָלאר אויפ'ן טויזענד, אויף 2 טויזענד וועט עס זיין אַ קימא לן פון גאַנצע 80 דאָלאר. איז וואָס זשע מיינט איהר טאַקע? אויף איין איינציגער קוה צאָלט אַ פאַר־מער איבער מעהר, ווייל ער האָט ניט די געלעגענהייט צו קויפען זי ריכטיג. אויף בלויז 1500 בייבי טשיקעלאך האָב איך איבערגעצאָלט מעהר דערפון. דער אונטערשייד פון איין אַקער פּאטייטאס בעסער אָדער ערגער בעאַרבעט באטרעפט צוויי מאָל מעהר דערפון. צו איין איי אַ יאָהר מעהר פון אַ הוהן וועט דעקען דיזען פאַרלוסט און אַ טראָפּען מילך מעהר אַ טאָג פער קוה וועט עס פאַרוואַשען, אַז קיין סליאַד וועט אפילו ניט פאַרבלייבען. ווארים צעהן מאָל אַזוי פיעל ווערט איבערגעצאָלט ביים קלענסטען פאַרמערל יעדען יאָהר אין גאָטס וועלט. דאַרפען מיר זיך זאָרגען וועגען אַזאַ נישטיגער סומע און קלייניגקייט?

די צאָהלונגען פון דעם צווייטען מאָרטגיידזש־לאָאַן קע־נען פאַנאַנדערגעלייגט ווערען אויף אַ פעריאָדע, לאָמיר זאָגען, פון 10 יאָהר אין צוואַנציג גלייכע האַלביעהרליכע צאָלונגען פון הונדערט דאָלאר מיט אינטערעסט.

פרעג איך אייך: אין אַזאַ סאָרט קאָלאָניע, מיט אַזאַ פלאַן און סיסטעם, מיט אַזוינע לייכטע צאָהלונגען, אונטער גוטען מענעדזשמענט און קאָאָפּעראַטיווער אַקציע און דער עיקר, אין אַן אייגענער סביבה, מיט אַ קולטורעל־געזעלשאַפט־ליכען לעבען, — ווער וועט עס ניט אַרבייטען מיט לייב און זעעלע? ווער וועט עס ניט מאַכען קיין ערפאָלג, זיין צופרידען און גליקלאך? איבערהויפּט נאָך ווען עס וועט זיין אַ פעדעראַל לאַנד באַנק מאָרטגיידזש מיט דעם אַמאָרטיזיישאָן פלאַן פון אויסצאָלונג. דאָס איז דאָך כמעט ווי אַן אידיליע, אַ צויבער מעשה, וואָס איז ווירקליכער פון יעדער אַנדער אַלטעגליכער געשעהעניש.

דיזער פלאַן פון גרופּען־פאַרמינג וואָלט געהאָלפען אויס־נוצען אַ צווייטע גרויסע פינאַנציעלע געלעגענהייט, וועלכע איז ניט צוגענגליך צום איינצעלנעם פאַרמער. איך מיין די פאָנדען פון דער „וואָר פינאַנץ קאָרפּאָריישאָן".

ס'איז דאָ אַ פאָנד פון איבער 300 מיליאָן דאָלאר, אַן איבערבלייבעכץ פון דער „וואָר פינאַנץ קאָרפּאָריישאָן", וואָס האָט פונקציאָנירט אין דער צייט פון דער בלוטיגער וועלט מלחמה. די אויפגאַבע פון דיזען פאָנד יעצט צו טאָג איז אויסצולייהען געלד צו פאַרמערשע אָרגאַניזאַציעס אויף קור־צערע טערמינען פון 6 מאָנאַטען ביז 5 יאָהר פאַר דער פינאַנ־סירונג פון קראַפּס, פון טויטען און לעבעדיגען אינווענטאַר.

די הלוואות קענען אָבער בלויז געמאַכט ווערען צו פּאַראַנט־וואָרטליכע קערפּערשאַפטען און ניט צו קיין איינצעלנע אינ־דיווידואומען. עס מוז צוערשט זיין אַ געוויסע קאָאָפּעראַטיווע קערפּערשאַפט וואָס איז פאַרטרויענסווערטה און צאָהלפעהיג. מען לייהט אַ געוויסען פּראָצענט פון דעם ווערטה פון די פּראָדוקטען אָדער אינווענטאַר. דאָס איז צומאָל פון גרויס וויכטיגקייט און איינפאַך געוואַלדיגער הילף באַ דער יעצטי־גער קאָמפּליצירטקייט פון מאַרקעט קאָנדיציעס.

למשל, לאָמיר זאָגען, אַ געוויסע טאַבאַק, פרוכט, גרינס אָדער אַנדערע „גראַווערס אַסאָסיאיישאָנס" קען ניט אָדער וויל ניט פאַרקויפען איהרע פּראָדוקטען יעצט צו טאָג אום ניט צושלאָגען דעם מאַרקעט אָדער ווייל דער מאַרקעט איז זייער ניט גינסטיג. קענען זיי זיך ווענדען צו דיזער „וואָר פינאַנץ קאָרפּאָריישאָן" מיט אַ ביטע צו לייהען אַ געוויסע סומע געלד אויפן חשבון פון איהרע פּראָדוקטען און קאָלאָ־ניעס פון אונזער פלאַן מיט אַ קאָאָפּעראַטיווען פּאָבליק סטאָ־ריידזש הויז וואָלט זיך אויסגעצייכענט גוט געקענט באַנוצען מיט דיזער גרויסער פינאַנציעלער געלעגענהייט אין זייערע אָפּעראַציעס ביים קאָאָפּעראַטיווען קויף און פאַרקויף.

מיין גאָט, הלואי נוצט מען נאָר פּראַקטיש אויס די אַלע גלענצענדע געלעגענהייטען וואָס דער אַמעריקאַנער באָדען, איהר וואונדערבאַרע קאָנסטיטוציע און פינאַנציעלע מעגליכ־קייט שטעלען מיט זיך פאַר יעדען איינעם — אונזער פאָלק אריינגערעכענט.

אַזאַ קאָלאָניע וואָלט ערשט אימשטאַנד געווען אויס־נוצען אין פולער גרויס און וויכטיגקייט די אַלע ווייסענשאַפט־

ליבע עקספּערימענטען און באַלעהרענדע אינפאָרמאַציעס וואָס ווערט מיט אַזוי פיעל ליבע און איבערגעבענהייט גע־אָפערט צו דער פאַרמער וועלט דורך אַלע אַגריקולטורעלע קאָלעדזשעס אין לאַנד און וואָס ווערט דאָך אַזוי ווייניג אויס־גענוצט פון איינצעלנע פאַרמער אַ דאַנק זיין צוריקגעשטאַ־נענקייט, פאַרוואָרפענקייט און אַלגעמיינער דערשלאָגענקייט.

און דאָ, לויט מיין אויפריכטיגסטער מיינונג און איבער־ציינונג, קומט די גרויסע אַרבייט פאַר דער אידישער אַגרי־קולטור־געזעלשאַפט, דער אמת'ער תקון פאַר די באַראָן הירש פאָנדען. דיזע געזעלשאַפט דאַרף ווערען די אָפיציעלע פאַר־טרעטערין פון דיזען פּלאַן טאָן די אַרבייט אונטער דעם אויפ־זיכט און מיט דער הילף פון פאָרשטעהער פון אַלע קלאַסען פון אידענטום. און דער אייגענטום פון דער סאָסייעטי זעלבסט זאָל אפשר ניט אינוועסטעט ווערען, נאָר זאָל דינען אַלס רע־זערוו פאָנד צו זיכערען די באָנדס אויב נויטיג!

אידישע מיליאָנערען זאָלען אין דערינען אויך אָן אנטייל נעמען, לייהען דעם נויטיגען פּרעסטיזש. די אידישע אָרדענס, פאַרבאַנדען, אַרבייטער רינגס, יוניאָנס און זאָ ווייטער זאָלען עס אינדאָרסירען, זאָלען זייערע פאַרטרעטער האָבען אינ־וועסטעט אַ טייל פון זייערע פּאָבליק פאָנדען אין דעם קויף פון דיזע באָנדס, די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרם באָנדס. אידישע גבירים, אידישער מיטעלקלאַס, אידישע אַרבייטער, יעדע הויז איבער דער גאַנצער לייגג און ברייט פון לאַנד זאָלען עס האַלטען פאַר זייער הייליגען חוב קויפען אַ באנד. ער וועט קויפען נייעס לעבען פאַר זיין פאָלק, אַ מעגליכע היים פאַר זיך אַליין און אַ צוקונפט פאַר'ן אידישען גייסט אין דיזען

לאַנד און וועט דערביי טאַקע מאַכען אַ גלענצענדען אינוועסט־מענט אויסער אַלע גליקען. מען וואָלט אפשר אויך געקענט דורכמאַכען מיט דער רעגירונג וועגען אַ ספּעציעלער טעקס הנחה אויף דיזע אינוועסטמענטס אָבוואָהל דאָס איז אַבסאָ־לוט ניט נויטווענדיג.

